יעמ. יאראָסלאַווסקי

# צילן און מעטאָדן פון אנטירעליגיעזער פראָפּאַגאַנדע

צ ע נ ט ר פ א ר ל א ג
מאָסקווע—כארקאָוו—מינסק
1 9 3 0

# א פּאָר באמערקונגען

אין פארבינדונג מיט די ענדערונגען, וואָס זײַנען פאר דעם לעצטן האלבן יאָר פאָרגעקומען אפן אנטירעליגיעזן פראָנט ווערט כ׳ יאראָסלאווסקיס פאָרטראג ארויסגעגעבן מיט אייניקע פארקירצונגען, וואָס האָבן א שײַכעס ספּעציעל צו דעם טעמפּ פון קאמף קעגן די רעליגיעזע אנשטאלטן און מינהאָגים.

אזוי ווי כ׳ יאראָסלאווסקי האָט אין זײַן פאָרטראג זיך אָפּגעשטעלט קימאט אויסשליסלעך אף מאָמענטן פון קריסטלעכן קלעריקאליזם, האָבן מיר צוגעגעבן אייניקע באמערקונגען, וואָס כאראקטעריזירן די ראָליע פון דעם יידישן קלעריקאליזם. די באמערקונגען האָט געמאכט כ׳ פּ. שפּראך און זיי זײַנען געצייכנט געוואָרן מיט די איניציאַלן פּ. ש. אין קלאמערן. כ׳ פּ. שפּראך האָט אויך איבערגעזעצט דעם אָנהייב פון דעם פאָרטראג ביז ז. 39. דעם איבעריקן טייל האָט איבערגעזעצט כ׳ מ. איטקאָוויטש.

רעדאקציע

יעמ. יאראָסלאַווסקי

# וועגן די צילן און מעטאָדן פון אנטירעליגיעזער פראפאגאנדע

פאָרטראג אפן II אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר
פון אפיקאָרסים-פארבאנד

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע — כארקאָוו — מינסק
1930

פּאַר אונדז שטייט אַ גוואַלטיק=וויכטיקע אופגאַבע, וואָס מיר קאָנען זי לייזן ריכטיק נאָר דאַן, אויב מיר וועלן האָבן אין אויג אויך די פּאַרגאַנגענע אַרבעט אונדזערע; אויב מיר וועלן גוט באַרעכענען די פּאָליטישע אומשטענדן, בײַ וועלכע מיר אַרבעטן, די קלאַסן און קויכעס, מיט וועלכע אונדז קומט אויס האָבן צו טאָן; אויב מיר וועלן ריכטיק אָפּשאַצן, וואָס פּאַר אַן אָרט עס פּאַרנעמט אונדזער אַפּיקאָרסים=פּאַרבאַנד אין אונדזער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס איז געווענדעט אַף איבערצובויען די פּאָלקסווירטשאַפט און איבערצומאַכן דעם מענטשן; אויב מיר וועלן אונדזערע אופגאַבן באַשטימען לויט נאָך די אַלגעמיינע פּלענער, וואָס שטייען פּאַרן אַרבעטער=קלאַס און פּאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אונדזער לאַנד.

איך וועל וועגן דער פּאַרגאַנגענהייט קיין סאַך ניט ריידן. ביז דער רעוואָליוציע פון 1917 י. האָבן מיר, ווי איר ווייסט, זייער ווייניק זיך אָפּגעגעבן מיט אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אָבער דער קוק אונדזערער איז געווען קלאָר. לענין האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזן אין אַ גאַנצער צאָל פון זיינע אַרבעטן (אָנהייבנדיק פון 1905 י.), אַז מיר — באָלשעוויקעס=קאָמוניסטן באַציִען זיך אַן שום שאָלעם *פּיינטלעך* צו יעדער רעליגיע, אין דער צייט, ווען די סאָציאַל=דעמאָקראַטן האָבן געשטעלט די פּראַגע אַנדערש, אַז רעליגיע איז אַ פּריוואַט=זאַך. און ניט בלויז אין באַציִונג צו דער מעלוכע, נאָר אַפּילע פּאַר יעדן מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן זיי אויך אַזוי אויסגעטייטשט, אַז רעליגיע איז אַ פּריוואַט=זאַך; יעדער מיטגליד פון אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע באַשליסט,

הייסט עס, אַליין פֿאַר זיך די פֿראַגע, צי זאָל ער גיין אין קלויסטער אָדער קעמפֿן קעגן קלויסטער.

אין 1917 יאָר, בעשאַס דער רעוואָליוציע און נאָך דער רעוואָליוציע, ווען דער אַרבעטער=קלאַס האָט גענומען די מאַכט אין זיינע הענט, האָט ער געמוזט אַוועקשטעלן די פֿראַגע אין איר גאַנצער גרויס. עס איז ארויס דער דעקרעט וועגן אָפּטיילן די קירך פֿון דער מעלוכע און די שול פֿון קירכע. דערמיט איז געמאַכט געוואָרן דער אָנהייב פֿון אַ מער פּלאַנמעסיקן קאַמף קעגן קלויסטער, קעגן רעליגיע. דער קלויסטער האָט דעמאָלט פֿאַרלאָרן זיין הויפּט=אָנשפּאַר און שטיצע פֿון דער מעלוכע=מאַכט. די רעליגיע איז אַרויס קעגן דער רעוואָליוציע. איר געדענקט, ווי אַזוי די קלייקווידעש (פּאַטריאַרך טיכאָן) האָבן געבענשט יעדן קאָנטערעוואָליוציאָנערן אויפֿשטאַנד קעגן דער ראַטנמאַכט. וועגן דעם וועל איך אויך קיין סאַך ניט דערציילן, ווייל אַלע וויסן עס. אין יענעם פּעריאָד איז אונדז אויסגעקומען צו באַקעמפֿן די רעליגיע דורך אַביסל אַנדערע מיטלען — די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע האָט מען פֿאַרוקט אַף צולעצט און קעגן קלויסטער, וואָס איז אַרויס קעגן ראַטנמאַכט מיט געווער אין די הענט, האָבן מיר אויך געקעמפֿט מיט געווער.

סיסטעמאַטישע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן די לעצטע יאָרן. אויב מיר זאָלן דורכקוקן די פּאַרטיי=באַשלוסן, איז אויסער אַזאַ דאָקומענט, ווי די פּאַרטיי=פּראָגראַם, וואָס איז געווען אויסגעאַרבעט צום 8=טן צוזאַמענפֿאָר, האָבן מיר ערשט אין 1921 יאָר דעם ערשטן צירקוליאַר פֿון צענטראַל=קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי וועגן אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. קעדיי אייך צו דערמאָנען, וועלכע פֿאַקטן עס זיינען דעמאָלט געשען, וועל איך אייך אָנווייזן נאָר אַף איין פֿאַל, אַז אין קאַלוגער גובערניע האָט מען איינעם אויסגעשלאָסן פֿון פּאַרטיי דערפֿאַר, וואָס פֿאַסכע פֿאַר דער מאָרגן=טפֿילע אין קלויסטער איז ער געגאַנגען איבער דער גאַס און האָט געשפּילט אַף אַ גאַרמאָניע. דערמיט זאָל ער האָבן באַליידיקט די געפֿילן פֿון די גלויביקע. אַזוי האָט מען דע=

מאָלט געטייטש דעם פּונקט פון אונדזער פּאַרטיי־פּראָגראַם וועגן ניט באַליידיקן די געפילן פון גלויביקע. פון דער צווייטער זייט, פלעגט אָבער טרעפן פּאַרקערט, אַז מען איז אָפּן גראָבסטן אויפן אומטאַקטיש אָנגעפאַלן אַף די גלויביקע מאַסן. אַפן 12־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָבן מיר ווידער געשטעלט די פראַגע וועגן אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. דעמאָלט האָט שוין די פראַגע באַקומען אַ פאָרם פון מער באַשטימטערע באַשלוסן, וויאַזוי אַוועקצושטעלן די סיסטעמאַטישע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז געווען אַ פּרווו אַרויסצורוקן די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, אַלס אַן אופגאַבע פון מאַסן־אַרבעט. דער 13־טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אַף דער פראַגע פון אַנטירעליגיעזער אַר־בעט אין דאָרף. עס איז געוואָרן געגעבן אַ באַשטימטער אָנווייז, אַז אונדזער הויפּט־אופגאַבע אין דאָרף איז צו קעמפן ניט מיט אַד־מיניסטראַטיווע מיטלען קעגן דער ווירקונג פון רעליגיע און פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, נאָר מיט טיפער אַנטירעליגיעזער פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס שטרעבט דעריקער צו געבן אַ מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג פון אַלערליי געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען און נאַ־טור־דערשיינונגען. צו יענער צייט האָבן מיר שוין געהאַט די צייַ־טונג „דער אַפּיקוירעס“.

## פאַרוואָס מיר זייַנען שוואַך

פאַרוואָס־זשע איז די ערשטע פאָר יאָר אַזוי פּאַמעלעך גע־וואַקסן אונדזער פּאַרבאַנד? מיר דאַכט, אַז די ערשטע גרונט־סיבע איז ווידעראַמאָל טאַקע באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַסאַך אָרגאַני־זאַציעס האָבן נאָך פּונקט ווי פריער געהאַלטן, אַז עס איז נ י ט נייטיק אויסצוטיילן די פראַגע וועגן אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, ווי אַן אופגאַבע, אַף וועלכער מע מוז זיך אומקוקן פיל מער, איידער איצט. עס זייַנען שוין געווען די געהעריקע פּאַרטיי־באַשלוסן, אָבער פון יעווייַנהייט, אַזוי צו זאָגן, לויט דער אינערציע, האָבן אַסאַך

אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זיך נאָך אַלץ באַצויגן צו דער זאַך פאָרמעל. פאַראַן אַ פּאַרטיי-באַשלוס און אַפילע אַ פּונקט אין פּראָגראַם, אַז יעדער פּאַרטיי-מיטגליד מוז פירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. דאָך, ווען איר וועט אַ פרעג טאָן *יעדן* פּאַרטייער, צו פירט ער אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, וועט זיך אַוואַדע ארויסווייזן, אַז זייער גיט קיין היפּשער טייל פירט אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. באַם קאָמיוג איז, אַ סוואָרע, אויך פאַראַן אַזאַ מין פאַרפליכטונג. נאָר דאָרט איז אויך ניט בעסער. אַפילע אינעם נייעם פּיאָנערן-סטאַטוט שטייט אויך, אַז אַ פּיאָנער דאַרף פירן אַ קאַמף מיט רעליגיע. ווען מע זאָל צונויפקלייבן אַף אַן עמעס די גאַנצע מאַסע קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן, וואָלט דאָס געווען ניט איין מיליאָן אַגיטאַטאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן. ווען יעדער, וואָס איז אַוועק פון רעליגיע זאָל ווירקלעך אַנערקענען זיין אופגאַבע, אַז ער איז *מעכויעוו* צו פירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, וואָלט די גאַנצע זאַך, געוויינטלעך, אויסגעזעען גאָר אַנדערש. נאָר מיר האָבן זיך נאָך צו אַזויגס דערוויל ניט דערשלאָגן. בלויז גאָר אַ קליינער טייל פּאַרטייער און קאָמיוגיסטן האָט איגזינען דידאָזיקע זאַך און דאָס נאָר אין די גרויסע יאָנטוווים דערמאָנט מען זיך, ווי זאָגט מען עס, אָן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. דערום איז זייער לאַנגזאַם געוואַקסן דער אומפּאַרטייִשער אַקטיוו. אויב מע זאָל ריכטיק איבערציילן די אומגלויביקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון רעליגיע, וועט אויסקומען ניט די ציפער, וועגן וועלכער עס האָט גערעדט כ. בוכאַרין. ער האָט געזאָגט, אַז אַף איין ניט גלויביקן קומט אויס הונדערטער גלויביקע. ווען עס זאָל האַלטן אַזוי, וואָלט מען דאַן געמוזט, געוויינטלעך, זאָגן, אַז צווישן קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן זיינען אויך פאַראַן גלויביקע. נאָר מיר האָבן דאָך מער ווי 5 מיליאָן בלויז אין דער אַרמיי קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן. אויב ציילן אין גראָבע ציפערן, רעכן איך אַז די צאָל ניטגלויביקע, די וואָס האָבן פאַרלאָזט די רעליגיע, איז באַ אונדז אין לאַנד מער ווי 10 מיליאָן. אויב כ' בוכאַרין האָט גע-

מײַנט בלויז אַקטיוויסטן — ניט גלויביקע, איז אַן אַנדער זאַך. די פראַגע איז, וואָס מע דאַרף אָט די ניטגלויביקע אָרגאַניזירן. די פראַגע איז וועגן אויסטיילן פון די 10 מיליאָן אַן אַקטיוו ניט פון אַ צענדליק טויזנט, ניט פון אַ הונדערט טויזנט, נאָר פון 1—2 מיליאָן אַנטירעליגיעזניקעס, וואָס זאָלן זיך ערנסט אָפגעבן מיט אַנטירעליגיעזער אַגיטאַציע און פראָפאַגאַנדע.

די צווייטע סיבע, פאַרוואָס די זאַך איז בײַ אונדז נאָך אַזוי שוואַך, באַשטייט אין דעם, וואָס עס פעלט אונדז אויסגעניטקייט, דערפאַרונג. עס קומט אונדז אויס האָבן צו טאָן מיט אַ סוינע, וואָס פאַרמאָגט אַ פילדווירעסדיקע אָנגעקליבענע דערפאַרונג, וועלכע מיר האָבן ניט. מיר גייען צו צו אַנטירעליגיעזער פראָפאַגאַנדע, ניט ווייסנדיק אָפטמאָל לאַכלוטן, מיט וואָס מע עסט עס. פאַרשטייט זיך, אַז מיר מאַכן דעריבער זייער אַסאַך פעלערן.

און וואָס באַשטייט די געניטקייט פון די קלייקווידעש? דאָס איז די דערפאַרונג פון טויזנטיאָריקן באַשווינדלען און גענאַרן די אַרבעטנדיקע מאַסן. דאָ האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע סיסטעם אידייען, מיטלען; אַ סיסטעם פון פאָרמולעס, וועלכע וואָס ווייניקער זיי זײַנען פאַרשטענדלעך, אַלץ מער ווירקן זיי אויף די מאַסן. זיי פאַרמאָגן אויך מאַטעריעלע מיטלען, וועלכע מיר האָבן ניט געהאַט די ערשטע יאָרן און האָבן נאָך איצט אויך ניט. עס איז אַ פאַקט, אַז בײַ אונדז אין לאַנד איז נאָך פאָרט פאַראַן 50 טויזנט טעמפלען. עס מאָג זײַן ווי מאָדנע, נאָר ערשט הײַנט האָט זיך צו מיר — אַלס דעם פאָרזיצער פון אַפיקאָרסים-פאַרבאַנד — געווענדעט אַן אַלטינקע פרוי מיט אַ פראַגע, וואָס צו טאָן, קעדיי אָפצוהאַלטן פון פאַרמאַכן דעם מוראָמער קלויסטער. פאַראַן, זאָגט זי, בײַ אונדז 17 קלויסטערס, נעמט אײַך, זאָגט זי, 15 און אונדז לאָזט איבער צוויי. נאָר איר ווילט זיך צונעמען סאַמע די גרעסטע און די קליינע איבערלאָזן. צווישן די 50 טויזנט גרעסערע און קלענערע טעמפלען זײַנען פאַראַן שענערע געבײַדעס, איידער אָט דער

זאָל, מיט זעלטענע מאָלעריי, אָפּטמאָל פון די ערשטקלאַסיקע מייסטערס, די וואַסנעצאָווס, נעסטעראָווס א. א. דאָס זיינען דאָך אַלץ מיטלען אין די הענט פון קלייקווידעש צו ווירקן אַף די געפילן. די אַלטמאָדישע מאָלעריי, וואָס ווייניקער מע פאַרשטייט זי, אַלץ שטאַרקער ווירקט זי אַפן דימיען. דער רעליגיעזער מענטש זעט איגעם שוואַרצן געטלעכן געזיכט אַ באַזונדערע געהיימע קראַפט. באַ אייניקע הייליקע בילדער האָט דער מענטש דורכגעקושט און דורכגעריבן גאָטס פּאָנעם אַזוי, אַז עס זיינען געוואָרן לעכער אַפן בילד און עס באַקומען זיך ווונדן אַפן פּאָנעם...

יעדער „מאָקעם קאָדעש“ האָט זיך זיין כאָר, זיינע געזאַנגען, זיין מוזיק, אויסגעאַרבעט אין מעשעך פון דוירעס. די ערשטע יאָרן האָבן מיר דאָ גאָרניט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן, ווייל אונדזערע אַגיטפּראָפּ-קויבעס זיינען שוואַך. אונדזערע אַגיטאַטאָרס און פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן דעם סוינע ניט געקענט, ניט גערעכנט זיך מיט דער קראַפט פון זיין אָרגאַניזאַציע, די קראַפט פון דוירעסדיקע ווירקונגען, קרעפטן, מיט וועלכע די רעליגיע פאַנגט דעם אוילעם. מיר האָבן אויך קיין געהעריקע ליטעראַטור ניט געהאַט און אַנטקעגן דער ראַבאָניש-גאַלאָכישער ליטעראַטור האָבן מיר געהאַט זייער קנאַפּ צו דערלאַנגען אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור, אייגענע און איבערגעזעצטע.

## אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן

די דריטע סיבע פון אונדזער שוואַכקייט איז דאָס, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע איז גלייך פון אָנהייב אַוועק אַף אַ פאַלשן וועג אין היגזיכט פון שאַפן אַן אַווטאָריטעטן אָנפירנדיקן צענטער. גלייך ווי די געשיכטע פון אונדזער פאַרטיי וואָלט אונדז גאָר ניט האָבן אָנגעלערנט. ווען מיר זיינען אין אַפּרעל 1925 י. צוגעגאַנגען שאַפן אַ צענטראַליזירטן אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד, האָבן מיר באַגעגנט אַ גאַנץ היפּשן ווידערשטאַנד. עס איז געווען אַזאַ פאַקט, ווען אין

ניזשני=גאָווגאָראָד, צום ביישפּיל, האָט מען פֿאַרבאָטן צו אָרגאַניזירן אין גובערניע אַן אַפּיקאָרסים=פֿאַרבאַנד; דאָס גלייכן אין אוקריינע. מע האָט געטאַינעט, אַז מע קאָן גיין אַפּן וועג פֿון שאַפֿן קרייזלעך פֿון קאַנטקענטעניש, פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט א. א.

און מאַכמעס די אָרטיקע פּאַרטיי:ישע און אַנד. אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך ניט פֿאַרנומען מיט אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, מאַכמעס אין גאַנצע ראַיאָנען איז גאָר קיין שום אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע ניט געווען, איז פֿון צענטער אַוואַדע ניט געווען מעגלעך עפּעס אופּצוטאָן, וואָרום דער צענטער האָט דאָך געגעבן בלויז אינפֿאָרמאַטיווע אָנווייזונגען.

אַף אַזאַ אויפֿן איז אונדז די ערשטע יאָרן גאָר שווער געווען צו אַרבעטן. מיר האָבן זיך אַפֿילע ניט אָפּגעלערנט באַ אונדזערע סאָנים. אַפֿילע די קלייקוידעש האָבן געהאַט זייער צענטער, וואָס האָט געשיקט באַשטימטע דירעקטיוון די ערטער, און יענע האָבן זיי אויסגעפֿירט.

פֿון די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמען הענגט שטאַרק אָפּ דער דערפֿאָלג פֿון דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ מין אָרגאַניזאַציע מיר וועלן האָבן, איז געווענדעט, צי וועט באַ אונדז זיין אַ וועלכעס'ניט איז איינהייטלעכע ליניע, איין ריכטונג, איין אַלגעמיינער פּלאַן פֿון אַרבעט. דאָס הייסט גאָר ניט, אַז אין יעדער רעפּובליק און געגנט, אין יעדן ראַיאָן מוזן אַלע אָרגאַניזאַציעס זיין ענלעך איינע צו די צווייטע, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער; אַז אין אוקריינע זאָל מען די אָרגאַניזאַציע מוזן בויען פּינקטלעך אַזוי, ווי אין דאַגעסטאַן אָדער אין יאַקוטיע פּינקטלעך אַזוי, ווי אין לעניגראַד. פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט. דאָ מוז יעדע אָרגאַניזאַציע האָבן אין אויג אין דער פֿולער מאָס די אייגנאַרטיקייט פֿון די אָרטיקע באַדינגונגען. אָבער קעדיי ריכטיק אָוועקצושטעלן די גאַנצע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, מוז מען

די אָרגאַניזאַציע בויען אַזוי, אַז פֿריער פֿאַר אַלץ, זאָל זיך שאַפֿן אַ צענטער, אַן אָנפֿירנדיקער, אַן אויטאָריטעטער, וואָס זאָל געבן קאָמפּעטענטע (באַגלויבטע) און אויטאָריטעטע אָנווייזונגען, וועלכע מע זאָל ניט אַריינגייען אין די ביכער, נאָר ווירקלעך אויספֿילן.

## די אומשטענדן פֿון דער אַרבעט

איך וויל זיך אַביסל אָפּשטעלן אַף דעם, באַ וועלכע אומשטענדן אונדז קומט איצט אויס צו אַרבעטן. אינעם ערשטן פּעריאָד פֿון דער רעוואָליוציע — אין די יאָרן 1917—1921 — ווען דער בירגער־קריג האָט זיך נאָך ניט געהאַט געענדיקט, האָבן מיר געהאַט צו טאָן מיט פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן די בירגער־מילכאָמע אָרגאַניזירט. אָט דאָס זיינען געווען די קלאַסן־קויכעס, וואָס זיינען קעגן אונדז אַרויסגעטראָטן. דעמאָלט איז די רעליגיע געווען דער אָפּענער אויסדריקער פֿון אָט־די קלאַסן. נאָר מיר האָבן די־דאָזיקע קלאַסן געמאַכט צו גישט, און עס זיינען פֿאַרבליבן מער ניט, ווי נעבעכדיקע שערבלעך פֿון קאַפּיטאַליסטן און פּריצים. אַלס יערושע פֿון יענע קלאַסן, איז אַפֿן ערשטן אָרט אַרויס דער באַלעגוף אין דאָרף, דער נעפּמאַן אין שטאָט. עמעס, די רעשטלעך פֿון די פֿריערדיקע קלאַסן זיינען נאָר ווי־ניט־ווי פֿאַרבליבן און גיסן זיך צונויף, שמעלצן זיך צונויף מיט אָט־די־זעלבע באַלע־גופֿישע און נעפּמאַנישע שיכטן. ווי נאָר עס לאָזט זיך, דאָרט אַר־בעטן זיי אומעטום איין האַנט. יעדנפֿאַלס, אין די רעליגיעזע קעהילעס, אין סעקטאַנטישע אָרגאַניזאַציעס, אין דער גאַבאָעס פֿון שול און קלויסטער פֿאַרנעמען זיי דעם אויבנאָן. איצט קומט אונדז אויס האָבן צו טאָן שוין ניט מיט עטלעכע צענדליק טויזנט פּריצים און עטלעכע צענדליק טויזנט קאַפּיטאַליסטן, נאָר, מינדעסטנס, מיט אַ 3—4 מיליאָן באַלעגופֿים און, אַן ערעך, מיט דערזעלבער צאָל „אונטער־באַלעגופֿים“, ווי מע רופֿט זיי, דאָס הייסט די, וואָס

שטייען נאָענט צו זיי. אין שטאָט, ווען מע זאָל רעכענען אַלע געוועזענע מענטשן, וועט זיך אַוואַדע אָנקלייבן ניט איין מיליאָן, וואָס וואָלטן זייער אַ באַלן געווען מאַכן די רעליגיע פאַר אַ געווער אין זייער קאַמף קעגן דער ראַטנמאַכט. איך מיין, אַז מע זאָל ציילן בלויז דעם אויבערשטן שיכט, האָבן מיר איצט צו טאָן, אַז ערעך, מיט אַ צענמיליאָניקן מאַסיוו, אַלס דעם גרונט פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. ער טיילט אויס פון צווישן זיך זיינעם אַ אַקטיוו (קלויסטער-ראַט, גאַבאָים, קאָכלעפל פון קעהילע). איך וויים ניט פינקטלעך די צאָל, נאָר מע קאָן רעכענען אומגעפער, אַז דער אַקטיוו באַטרעפט באַ אָנדערהאַלבן מיליאָן קעהילע-לייט, שוין אריינגערעכנט די קלייקוידעש אויך.

מיר האָבן, הייסט עס, פאַר זיך אַ פאַרטיי פון מעכאַבלים, אָרגאַניזירטע אין רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן די מעגלעכקייט צו פריידיקן די רעאַקציאָנערסטע אידייען, דעם פינצטערסטן שוידים-טאַנץ פון מיטלאַלטער און גאָר פאַרצייטנס. זיי קאָנען אין דעם גייסט טאָג-טעגלעך דערציִען גרויסע מאַסן דורך זייערע אַגיטפּראָפּן, האָבנדיק אָפּטמאָל דערצו די קוואַליפיצירטע קראַפט פון זייערע פריידיקער — מאַגידים, נוצנדיק דערצו דעם גאַנץ גרויסן ווירקונגס-אַפּאַראַט פון — קונסט, מוזיק, מאָלעריי, סקולפּטור א. אַז. וו. א. אַז. וו. קורץ, די רעאַקציאָנערע פאַרטיי פון קלייקוידעש ווירקט אַף זייער ברייטע מאַסן.

מיר דאַרפן אָבער וויסן אַ כילעק פונעם אָנפירנדיקן שיכט, וואָס איז פּאָליטיש ביז גאָר רעאַקציאָנער און ווייסט, וואָס ער וויל, און איז פאַרבונדן אָפּטמאָל מיט אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, — ביז צו דער מאַסע אַרבעטסלייט אַליין, די אַזוי גערופענע גלויביקע, וואָס געפינען זיך נאָך אונטער יענע'ם ווירקונג. דאָס זיינען ניט קיין קאָנטררעוואָליוציאָנערן, דאָס זיינען דיזעלבע אַרבעטער און פויערים, ווי די וואָס זיינען שוין געוואָרן מער פּאָליטיש און קלאַסן-באַוווסטזיניק און אַריין אין פאַרטיי. אין קאָמיוג, אין פראָפאַריין.

מער ניט, וואָס *באַ יענע פעלט נאָך דער קלאַסן־באַוווסטזיין*; עס פעלט זיי נאָך, אַף לעגינס לאָשן וואָלט איך געזאָגט, אַ באַשטימטע „קולטורעלישקייט“, קעדיי צו באַפרייען זיך פון רעליגיעזער ווירקונג. אָפטמאָל שטערט דעם מענטשן „*בלויז די ניטקולטורעלקייט*“ צו באַפרייען זיך פון רעליגיעזער ווירקונג. איך זאָג ניט, אַז די ניטקולטורעלישקייט איז די הויפּטסיבע פון דעם, וואָס די מאַסן קאָנען זיך ניט באַפרייען פון רעליגיע. מאַכמעס די וואָרצלען פון רעליגיע שטעקן ניט בלויז אין דער אומקולטורעלישקייט; דעריקער זייגען דאָס *סאָציאַלע* וואָרצלען; זיי שטעקן אויך אין דעם, וואָס די מאַסן ווייזט זיך אַלץ נאָך אויס, אַז מע קאָן ניט בייקומען די סטיכייִשע נאַטור־קרעפטן. דאָך, ווען מע נעמט אונדזער פויערישע מאַסע, וואָס גייט נאָך צום קישעפמאַכער, צום „טאָטער“, צו דער קאָרטנוואַרפערקע, צום גאַלעך אָדער צאַדיק, ווען עס ווערט קראַנק אַ בעהיימע, צי עס געראָט ניט די טווּע אין פעלד, צי עס ווערט פאַרפאַלן ערגעץ אַ רינד, — זעען מיר, אַז די אומקולטורעלישקייט שפּילט דאָ זייער אַ גרויסע ראָליע.

און דאָ שטעלן זיך פאַר אונדז צווייערליי אויפגאַבן. פון איין זייט, העלפן דידאָזיקע מאַסן זיך צו באַפרייען פון דעם סאָציאַלן יאָך, אַנטפּלעקן פאַר זיי די סאָציאַלע וואָרצלען פון דער רעליגיע; ווייזן, וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג עס איז פאַראַן צווישן רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס מיט די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן; ווייזן, וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג עס עקזיסטירט צווישן די רעאַקציאָנערע שטרעבונגען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן מיט זייער „גלויבונגס־לערע“ און מיט דער טעטיקייט פון די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס.

פון דער צווייטער זייט, שטעלט זיך פאַר אונדז די אויפגאַבע — דורכצופירן איינעם מיט דער שול, אייניגעם מיט אַלע קולטופקלערערישע אַנשטאַלטן אַ געוואַלדיק גרויסע אַרבעט, אַ קולטופקלערערישע. אָן אָט דערדאָזיקער אַרבעט קאָנען מיר אונדזער אויפגאַבע ניט פאַרווירקלעכן. אָן אָט דער קולטופקלערערישער אָדער

**קולטור־טרעגערישער** (איך שטרייך אונטער לענינס ווערטער) אַרבעט וועלן מיר אונדזערס ניט אויספירן.

מע דאַרף נאָך אויך האָבן אין אויג יענע זייט פון אונדזער אַרבעט, וואָס דרינגט אַרויס פון די באַזונדערע אויפגאַבן פון מאָמענט. מיר טרעטן אַריין אין אַ נייעם פעריאָד פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע אין דער פאָלקסווירטשאַפט. איך רעכן, אַז **אין אונדזער אַרבעט דאַרף מען אויך נייטיק אַ רעקאָנסטרוקציע**. מיר דאַרפן איבערשטעלן אונדזערע רייען און אויסגלייכן אונדזערע אויפגאַבן, אונדזערע מעטאָדן און גענג פון קאַמף אין **העסקעם מיט די אויפגאַבן פון אָט דער סאָציאַליסטישער בויונג**.

וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן איצטיקן פעריאָד? — די **פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף**. דער באַלעגוף איז ביז דער רעוואָליוציע אַלעמאָל געווען גאַבע אָדער סטאַראָסטע פון קלויסטער און דער „מאָקעם קאָדעש“ איז פאַר אים שטענדיק געווען אַן אָרט אַף צו אַנטלויפן. איצט, ווען דער טראַקטער צי די קאָאָפעראַציע שטופן אים אַרויס אַלץ ווייטער און ווייטער, ווען עס שטופט אים אַרויס פון אומעטום די וואַקסנדיקע געזעלשאַפטלעכקייט, די פאַרטיי, דער קאָמיוג, ווען ער פאַרוקט זיך אַף נאָר אַ שמאָל שטיקל פלאַץ, וויל ער דעמדאָזיקן פלאַץ זיינעם ניט אָפגעבן מיט גוטן. און באַ יעדער שוועריקייט אונדזערע וועט ער זען אַרויסצורופן און פאַרשפרייטן אַלערליי רעליגיעזע ספייקעס, ער וועט אויסנוצן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אַף אָנצושרעקן די מאַסן מיט דידאָזיקע שוועריקייטן, קעדיי אומקערן די מאַסן צוריק אין שוים פון רעליגיע און רעאַקציע. אָט דאָס דאַרף מען האָבן אינזינען. דערום מוזן מיר זאָגן, אַז דער איצטיקער פעריאָד דאַרף זיין **אַ פעריאָד פון אַנטירעליגיעזן אָנגריף מיט אַ פאַנאַנדערגעוויקלטן פראָנט**. דערום מוז אונדזער אַנטירעליגיעזע פראָפאַגאַנדע באַ אָט די נייע אומשטענדן זיין דורכויס אָנגעקניפט אָן דער פאָליטיק פון דער פאַרטיי און פון דער ראַטנמאַכט.

איך מיין, אַז איך מעג זיך מער ניט אָפּשטעלן אַף דער קלאַסן-ראָליע פון די היינטיקע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. און טאָמער גייען אריין אין דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אָרעמע און מיטעלע פויערים צו קוסטאַרן און ווי-ניט-ווי עמעסע אַרבעטער אַפילע מיט אַ גרויסן פּראָדוציר-סטאַזש, דאַרף דאָס אונדז אויך ניט נאַרן אין כעזשבן: דאָס ווייזט נאָר, אַז מיר האָבן נאָך אי צווישן אַרבעטער אי צווישן פויערים און קוסטאַרן געגוג עלעמענטן, וואָס זיינען ניט קלאַסן-באַוווסטזיניק, וואָס באַנעמען נאָך ניט זייער אָרט אין אָט דעם קלאַסנקאַמף און שלעפּן זיך נאָך אין עק נאָך די קליינבירגערלעכע עלעמענטן. דאַרפן מיר קעמפן פאַר דידאָזיקע עלעמענטן. מיט אונדז קעמפט פאַר דידאָזיקע מענטשן די רעליגיע. דער קלויסטער און דער בעסמעדרעש ווערבירן איצט זייערע אָנהענגער פון דערזעלבער מאַסע, וועלכע מיר מוזן אַרויסרייסן פון אונטער דער ווירקונג פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס — צוליב סאָציאַליסטישן קאַמף, צוליב דעם סאָציאַליזם, וואָס איז די זאַך פון אַלע אַרבעטער און פויערים. אָט דאָס דאַרף מען האָבן איגזינען. מע דאַרף איגזינען האָבן, אַז די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פּאַסן זיך צו און וועלן זיך צופּאַסן צו די סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין לאַנד. מיר האָבן דאָ ניט לאַנג געהאַט אָפּגעדרוקט אינעם „אַפּיקוירעס“ דעם באַשטאַנד פון קלויסטער-ראַטן, די פאַמיליעס פון אייניקע זייערע מיטגלידער אָדער גאַנצע צעטלען פון אַלע קלויסטער-ראַטן אָנווייזנדיק דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דידאָזיקע ראַטן. האָט דאָס געבראַכט דערצו, אַז באַ די נייע וואַלן אין די קלויסטער-ראַטן האָט מען גענומען אַרויסרוקן אָרעמע, קעדיי צו קאָנען זאָגן: „איר זאָגט, אַז באַ אונדז זיצט לויטער קאָנטררעוואָליוציע, און מיר זעצן אַוועק דאַפּקע אָרעמע“. זיי האָבן זיך זייערע „ווידוויזשענצעס“ פון צווישן דער אָרעמשאַפט. דאָס מוז מען איגזינען האָבן, קעדיי זיך ניט לאָזן נאַרן. פאַראַן באַ אונדז (ווי, לעמאָשל, אין ראַמענסק, הינטער מאָסקווע) קלוי-

סטער=ראַטן קימאַט אינגאַנצן פון אַרבעטער, אָבער הינטער זייער דוקן אַרבעטן מאיסים די סאַמע פאַרביסנסטע עמעסדיקע סאָנים פון דער ראַטנמאַכט.

## וו:אַזוי דער סוינע אַרבעט

איך וועל ניט גיין אויסרעכענען די אַלעמען באַקאַנטע אָן אַ שיר פאַקטן וועגן דער טעטיקייט פון די קלויסטער=לייט אַפן פראָנט פון קאַמף קעגן דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט. איר ווייסט, ווי אַזוי די קלייקוידעש און סעקטאַנטן טייטשן איין פאַרשיידענע פסוקים פון כומעש אָדער פון קאָראַן. אין יעדן איינציקן פאַל, ווען עס טרעפן אונדז שוועריקייטן, נעמען זיי זיך גלייך „פאַרטייטשן", אַז דאָס אַלץ קומט פון גאָט. טאָמער מאַכט זיך, אַשטייגער, אַן ערד=ציטערניש, געפינט שוין גלייך דער ראָוו צי דער גאַלער, דער מולא אָדער דער סעקטאַנטישער יעדייע=סויפער דעם געהעריקן טעקסט אין די „הייליקע" ביכער און „באַווייזט", אַז דאָס שטראָפט גאָט. אַזוי האָבן די מולאַ'ס אין מיזרעך (נאַמאַנגאַן) געטייגעט, אַז גאָט טרייסלט אַזוי די ערד און מאַכט כאָרעוו שטעט דערפאַר, ווייל דאָרט האָבן זיך אָרגאַניזירט קאָמוניסטישע און קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס, ווייל פרויען האָבן פון זיך אַראָפּגענומען דעם דעקטוך, ווייל מע פאַרמאַכט מעטשעטן. ווען עס מאַכט זיך אַן אומגערעטעניש, עס באַווייזט זיך אַ היישעריק צי עפּעס ענלעכס, אַזוי דערהערן מיר גלייך דידאָזיקע קאָנטרעוואָלוציאָנערע רעליגיעזע דראָשעס. בעשאַס עס זיינען איבערגעריסן געוואָרן די באַציִונגען מיט ענגלאַנד, האָבן גאַלאָכים אין פאַרשיידענע ערטער געפּריידיקט, אַז אָט האַלט עס שוין באַ מילכאָמע, ענגלישע כאַיעל שטייט שוין שיִר ניט אָף דער גרענעץ, אָט וועלן זיי אַריבער די גרענעץ און די ראַטנמאַכט וועט באַקומען אַ ווייסטן סאָף.

אַפילע בעשאַס מיר זיינען צוגעגאַנגען צו אַזאַ לאָזונג, ווי זעלבסטקריטיק, האָבן גאַלאָכים אויך דאָ באַשטימט אויסנוצן דעם

לאָזונג פאַר זייערע רעאַקציאָנערע צילן. אַשטייגער, אין כאַרקאָווער קרייז האָט אַ קלויסטער־ראַט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן פון זעלבסטקריטיק און פּרעמירונג. די ערשטע פּרעמיע — פאַר דער בעסטער קריטיק פון דער ראַטנמאַכט — 50 קילאָ ווייסע מעל; צווייטע פּרעמיע — פאַר דער בעסטער קריטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אירע מאַסים — 6½ מעטער געוואַנט; פאַר דער בעסטער קריטיק פון אַפּיקאָרסים־געזעלשאַפט — צוויי שאָף; פאַר באַלויכטן די פעלערן אין דער אַרבעט פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס—30 קילאָ עפּל. אינעם פּראָטאָקאָל פון איוואַנאָוואָקער דאָרפישן קלויסטער־ראָט שטייט אַזוי פאַרשריבן.

„געהערט: „די אינפאָרמאַציע פונעם פאָטער (גאַלער) טשערנוכע וועגן דורכפירן אין לעבן דעם לאָזונג פון זעלבסטקריטיק.

באַשלאָסן: געמענדיק אין באַטראַכט די פּאָליטישע וויכטיקייט פונעם דאָזיקן לאָזונג, פאַרלייגן אַלע מיטגלידער פון קלויסטער טייקעף אָנצוהייבן קריטיקירן די ראַטנמאַכט. די אַלגעמיינע אָנפירונג דערמיט אַרויפלייגן אויפן פאָטער טשערנוכע".

ווי איר זעט, שלאָפן ניט די קלייקוידעש. דעם לאָזונג פון זעלבסטקריטיק נוצט מען גלייך אויס פון זייער טמיווע וועגן, פאַר זייער אַנטיסאָוועטישער, קאָנטררעוואָליוציאָנערער אַרבעט. ווער עס וועט גוט אַ קריטיקיר טאָן די ראַטנמאַכט, איז 50 קילאָ מעל אויך ניט קיין שאָד; ווער עס וועט גוט אַ קריטיקיר טאָן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, איז ניט קיין שאָד 6½ מעטער געוואַנט, און ווער עס וועט גוט אַ קריטיקיר טאָן די אַרבעט פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, איז קיין שאָד ניט 30 קילאָ עפּל. ס'הייסט, אויב נאָר דו קריטיקירסט די ראַטנמאַכט און די קאָמפּאַרטיי, וועסטו שוין קיין היימלאָזער ניט בלייבן; וועסט אַ קריטיקיר טאָן די אַפּיקאָרסים, — באַקומסטו צוויי שאָף. און אַלץ — „פון גאָט". אָט אַזוי זעען די גאַלאָכים אַרונטערצורייסן אונדזער אַרבעט.

מיר ווייסן, אַז די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס גייען אַמאָל מיט שלעכטן אויך — דורך אָנשרעקן. דאָרט ווו קיין פּאַרטייִש,

קאָמיוגיש אָדער אַפּיקאָרסיש קעמערל איז אינגאַנצן ניטאָ אָדער
עס אַרבעט שלעכט, דאָרט איז ניט שווער אָנצושרעקן די גלויביקע.
אָט איז אַ **באַפעל** פון קעסאָווער וואָלאָסט בעזשעצקער אויעזד.
דאָס לייען איך אַ נאָטיץ פון דער „אַרבעטער=ציימונג“, פון 4 יוני
1929 יאָר:
„אין קעסאָווער וואָלאָסט, בעזשעצקער אויעזד, האָבן די קלוי=
סטער=לייט אַ יוק געטאָן, אַז די פּויערים הערן אויף זיי רופן
צו זיך בעשאַס קלויסטער=יאָנטוווים, האָט מען אַרויסגעגעבן
אַ שטרענגען באַפעל וועגן **באַשטייערן** יעדן קלויסטער=
מיטגליד, וואָס גיט קיין האַכנאָסע דעם קלויסטער. אונ=
טערגעכאַסמעט איז אַפן באַפעל דער קלויסטער=ראַט. און דאָרט
שטייט אַזוי:
„פאַרפליכטן די דאָזיגער אופצוגעמען די איקאָנעס בא זיך
אין די הייזער און זיך באַטייליקן אין די הויצאָעס אַף אויס=
האַלטן דעם קלויסטער און דעם גאַלעך. די, וואָס זאָגן זיך אָפּ
פון דער פליכט, ווערן אויסגעפאָרשט דורך די מיטגלידער פון
קלויסטער=ראַט. פאַר יעדע גייסטלעכע דינסט מוז מען באַצאָלן
גלייך אַפן אָרט מיט מעזומען געלט, כויז אַ לעוואָיע, וואָס קאָן
געמאַכט ווערן אַף באָרג ביז שלוסים. וועגן די, וואָס ווילן בא
זיך קיין איקאָנע ניט אופנעמען, דאַרף מען גלייך צו וויסן געבן
דעם קלויסטער=ראַט, און אין סאָף יאָר — דעם בלאַגאָטשיני
(עלצטער גאַלעך אין ראַיאָן), כעדיי מע זאָל קענען דיראָזיקע
אָנווענדן די געהעריקע מיטלען“. מע דאַרף זאָגן, אַז די פאַר=
טייִשע, קאָמיוגישע און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס
אָרגאַניזירן גאָר קיין שום ווידערשטאַנד נישט אין וואָלאָסט קעגן
דעם אָנגריף פון די קלויסטער=לייט“.
אָט אַזוי, ווי איר זעט, אפן 12=טן יאָר זינט עס עקזיסטירט
די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור און זינט דער קלויסטער איז אָפּ=
געטיילט פון דער מעלוכע, דערלויבט זיך אַ קלויסטער=ראַט אַרויס=
צוגעבן אַזעלכע אומגעזעצלעכע באַשלוסן. וויפל פאַלן אַזעלכע זיינען

פאַראַן פון אַוודאי זיין אונדזערע רעקרוטן? — צום באַדויערן, באַנוצן מיר זיך מיט אַדמיניסטראַטיווע שטראָף־מיטלען דאָרט, ווו מע דאַרף עס גאָר ניט. און ווו ס'איז נייטיק אַכטונג צו געבן, אַז מע זאָל אָפּהיטן דאָס געזעץ און באַווייזן יעדן קלויסטער־ראַט און יעדער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע, אַז אויך פאַר זיי זייגען די געזעצן אַ מוז און אַז זיי האָבן קיין רעכט ניט אָן שום שטראָף אַרויסצוגעבן אַזעלכע באַפעלן, — דאָ באַנוצן מיר זיך עפּעס גאָר קאַלטבלוטיק.

נאָך אַ צוויי—דריי ביישפּילן, ווי אַזוי עס קאָנען ווערן צו נישט אונדזערע מאַסמיטלען. איר האָט געזען, וויאַזוי די גאַלאָכים גרייטן צו די זעלבסקריטיק. און אָט וויאַזוי זיי גרייטן זיך צום סאָציאַליסטישן געוועט. דאָס איז אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דער „טעקסטילער־שטימע" פון 19 יאַנוואַר 1929 י. וועגן דעם, וויאַזוי סעקטאַנטן אַרבעטן אַרום פּראָדוציר־באַראַטונגען. אַפן „רויטן־פּערעקאָפּ" אָרגאַניזירט מען אַ באַראַטונג. איז אָט „רויטע אַיין די סעקטאַנטן, אַז די בלעטלעך וועגן איבערקוקן די פּראָדוציר־באַראַטונגען זייגען פון אַנטיכריסטן, אַז צורירן זיך צו זיי איז אַ זינד. און די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, בעראָש מיטן אַרבעטער ליגלין בלייבן אויך ניט הינטערשטעליק אַנטקעגן די סעקטאַנטן און זאָגן, אַז מיט די אַנקעטעס מיינט מען נאָר פאַנגען די אַרבעטער אַף דער ווענטקע". אָט ווי עס אַרבעטן סעקטאַנטן. ווען זיי זעען, אַז אַן אָרגאַניזירטע קראַפט, די קראַפט פון פּראָפאַריינען, די קראַפט פון קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס שמעלצט צונויף די אַרבעטער־מאַסע, וואָס וועט איצט מער גלויבן אין אירע אייגענע קויכעס און וועט זיך איבערצייגן אַף איר אייגענער פּראַקטיק, אַז ניט מיט פרומע טפילעס, נאָר מיט אָרגאַניזירטע קויכעס קאָן מען איבערקומען אַלע שוועריקייטן.

איך רעד שוין ניט פון דעם, אַז מיר האָבן פאַקטן פון אָפענעם פאַשעטן קאָנטררעוואָלוציאָנערן אָנגריף און אָנפאַל אַף אונדזערע געזעלשאַפטלעכע טוער, — געהאַרגעטע אַנטירעליגיעזניקעס. אָט

איז, אַשטיינער, אַזאַ בײַשפּיל. איך וועל אים פאָרלייענען. דאָס איז דער פּראָצעס וועגן דערהאַרגענען דעם אוזבעקישן שרייבער כאַקים זאַדע אינעם דאָרף שאַכימאַרדאַן.

„סאַמאַרקאַנד, 4־טן יוני. היינט האָט זיך אין שאַכימאַרדאַן, פערגאַנער קרייז, אָנגעהויבן אַ מוסטער־פּראָצעס וועגן דעם איניען פון דערהאַרגענען דעם באַוווּסטן אוזבעקישן שרייבער כאַקים־זאַדע.

שאַכימאַרדאַן איז פון אַלעמאָל אַ נעסט פון די העכסטע מוסולמענישע קלייקווידעש. לויט דער מעסוירע איז דאָ מיט 500 יאָר צוריק באַהאַלטן געוואָרן דער „הייליקער שאַכימאַרדאַן", וואָס צו זיין קייווער קומען זיך יערלעך צונויף בעטן צענדליקער טויזנטער אוילערעגלם, פון וועלכע די מולעס האָבן פעטע פּאַרנאָסע.

כאַקים זאַדע'ן האָט די אוזבעקער רעגירונג קאָמאַנדירט אין שאַכימאַרדאַן אויף אַנטירעליגיעזער אַרבעט. צייט עטלעכע כאַדאָשים האָט ער באַוויזן צונויפצוקלייבן אַ שטאַרקן קערן באַטראַקעס, אָרגאַניזירט אַ שטאַרקן קאָלווירט, געעפנט אַ קלוב א. א. וו. דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן אַ ווילדן צאָרן באַ די קלייקווידעש. און ווען די באַטראַקעס זיינען אין מאַרט כווידעש אַרויס מיט אַן אָפענער פאָדערונג צו ליקווידירן די שאַכימאַרדאַנער „הייליקייטן", האָבן די שייכן באַשלאָסן צו האַרגענען זאַדען. דעם 18־טן מאַרט האָט אַן אוילעם פאַנאַטיקער, מיטן מולאַ אין דער שפּיץ, דערהאַרגעט זאַדען, אויף אַ כאַיעשן אויפן פאַרצוקט זיין קערפּער, כאָרעוו געמאַכט דאָס רויטע לייענשטיבל און אַנטוואָפנט די מיליציע.

די אויספאָרשונג האָט באַוויזן, אַז דעם פאַרברעכן האָט מען צוגעגרייט פאַרפריער — אויף עטלעכע געהיימע באַראַטונגען פון די שייכעס מיט די מולעס. דעם איניען באַטראַכט דער העכסטער געריכט פון אוזבעקיסטאַן. דאָס וועט זיך ציִען אַ וואָכן דריי. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצן 54 מאַן. אַלע ווערן זיי באַשולדיקט לויטן אַרטיקל 64 פון קרימינעלן קאָדעקס, וואָס דערפאַר קומט טויט־שטראָף".

אַזעלכע פאַלן האָבן מיר געהאַט עטלעכע פאַר דער לעצטער צייט, ווען קלייקוידעש גרייטן צו פלענער פון האריגעס, אָפטמאָל העלפן זיי מיט די סעקטאַנטן. דאָס שטערט זיי נישט צו האַלטן שעמענזאַיעסדיקע דראָשעס. ווען זיי זאָגט עס דער פאָסעק: „פונפאָרנט אַ פרומער מאַן און פון הינטן — קוים וואָס אָף די פיס“. ער טרעט פאַר אייך אַרויס, ווי אַ הייליקער; נאָר דעררעאָזיקער „הייליקער“ איז גרייט צו האַרגענען אייגעם פון די בעסטע געזעלשאַפטלער. פאַרשטייט זיך, מיט בלויזע דראָשעס וועסטו דאָ גאָרניט מאַכן. אָבער דאָך מוז מען דאָ האָבן אַ גרויסע אַגיטפראָפישע אַרבעט צווישן די מאַסן, וואָס זאָל אויפדעקן פאַר זיי די צווייפענעמדיקייט פון די רעליגיע-לייט, זייער רעאַקציאָנערישקייט, זייער פאַלשקייט, זייער קאָנטררעוואָליוציאָנערישע ראָלע.

די יידישע קלייקוידעש זיינען, פאַרשטייט זיך, קיין אויסנאַם ניט אין הינזיכט פון אַנטיסאָוועטישער אַרבעט, פון כוצפעדיקן פאַרטיידיקן דעם נעפמאַנס אינטערעסן. אין דער יידישער סוויווע מיט איר אַמאָליקער סאָציאַלער פאַרקריפלטקייט, מיט איר ווייסטער יערושע פון די נאַציאָנאַלע רעדיפעס באַם צאַריזם איז דער קרעמער און ספעקוליאַנט געוווינט געווען גרינגער זיך אויסצובאַהאַלטן און צו פאַרשטעלן זיך מיט אַ נעבעך-פאָנעם הינטער די פלייצעס פון דער דעקלאַסירטער אָרעמער באַפעלקערונג. דעריבער קומט ער איצט נאָך אין אַ גרעסערן גרימצאָרן קעגן דער ראַטנמאַכט, דאָס הייסט קעגן דער הערשונג פון אַרבעטער-קלאַס, — איצט, ווען עס האָט זיך אַזוי שאַרף געלאָזט פילן דער גרויסאַרטיקער פראָצעס פון אַריינציען די יידישע האָרעפאַשניקעס און אָרעמשאַפט אין סאָציאַליסטישער בויונג, דורך פראָדוקטיווער אַרבעט אין קאָלעקטיוון, קאָמונעס, אַרטעלן, אין פאַבריקן, זאַוואָדן און שאַכטעס. און דאָ נעמט זיך דער יידישער נעפמאַן צום זעלבן אויסגעפרווטן געווער, ווי אַלע אַנדערע קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן אַצינד, באַם פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף, ד. ה. צו ר ע ל י ג י ע. מיט דער הילף

פון קלעריקאַלן קלאַפּערגעצייג, פון די נעטרייע קלייקוידעש זעט
דער יידישער ענפּמאַן ווי וווייט מעגלעך איינצוהאַלטן איבער
זיך דעם אמאָליקן דעקטוך פון „קאַל יִיסראָעל כאַווײרים“ א.
אַז וו. ער וויל דורכויס אָפּהאַלטן די יידישע מאַסן
פון סאָציאַליסטישער בווּנג, „טרייף מאַכן“ פאַר זיי דעמאָקראַטיקן
איניען, צעשטערן אַלץ, וואָס מיר בויען אויס פאַרן נייעם
אַרבעטער־לעבן. און דאָס טוען פאַר אים די יידישע קלייקוידעש,
די רעליגיעזע קעהילע מיטן גרעסטן פלייס, איין האַנט
מיט די גאַלאָכים און קעהילע־לייט פון אַלע אַנדערע רעליגיעס.

ווער ווייסט עס ניט, אַז די קלויז, דער בעסמעדרעש איז
אומעטום אַ נעסט פון די ערגסטע רעכילעס, פאָטשטן און
פאַלשע קלאַנגען קעגן דער ראַטנמאַכט און קעגן קאָמוניסטן.
פון דאָרט לאָזט מען שטענדיק הערן דעם אוילעם די „לעצטע
נײעס“, ווי נאָר אין אונדזער בווּנג מאַכט זיך עפּעס אַ שווע־
ריקייט, אַ שטערונג, אַ ענג שטיקל צייט. פון דאָרט טייטשט
מען אַלעמאָל אויס אַן אַנדערן פּאָסעק פון „הייליקע ספאָרים“
מיט אַ נעווּע ווענן גיכן אונטערגאַנג פון די באָלשעוויקעס
„יימאַך שעמאָם“, פון דאָרט הערט מען שטענדיק דעם „יי־
דישן“ קרעכץ און זיפץ אַף דעם סויכער און ספּעקוליאַנט,
גענעד, וואָס די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, די קאָלעקטי־
וויזאַציע, די שטרענגע קלאַסן־פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט
שטופּט אים אַרויס פון זיינע פּאָזיציעס. פון דאָרט גייט די
פרומע קלאָלע אַף די יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן „זיך
פאַרקויפט צו גויים“ א. אַז. וו. פון דאָרט שיקט מען קיין אויס־
לאַנד צו דער יידישער בורזשואַזיע „גוטע בסורעס“ וועגן
אונדזערער אַ שווערקייט און דורך „בריוועלעך צו קרויווים“
מאַכט מען אַ ליאַרם, אַז „יידן“ גייען דאָ באַ אונדז אויס פון
הונגער (די נידערטרעכטיקע מאַיסע מיט די מאַצע פון אויס־
לאַנד אין 1929 יאָר. פ. ש.).

מע דאַרף האָבן אינזינען, אַז די סעקטאַנטן און אַלע אַנדערע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס גיבן זיך איצט אָפּ אַסאַך מיט אַרבעטער. אין אַ גאַנצער צאָל פּראָלעטאַרישע צענטרען, אין דניעפּראָפּעטראָווסק, קראַמאַטאָרסקער זאַוואָדן און אין אַסאַך אַנדערע אַרבעטער-ראַיאָנען האָבן מיר געהאַט ביישפּילן, וויאַזוי די סעקטאַנטישע אָרגאַניזאַציעס אַרבעטן זייער אַקטיוו אַף דעם פראָנט. אָט איז אַ מיטיילונג פון טווער, אויך פאַר דער לעצטער צייט — פון 15-טן יוני: „עס ווערט מיטגעטיילט, אַז אין איינעם פון די אינדוסטריעלע צענטרען פון טווערער גובערניע — אין ווישני-וואָלאָטשאָק, האָבן סעקטאַנטן פאַר אַ קורצער צייט פאַרווערבירט העכער 400 אַרבעטער. און פּונקט אין די טעג פון סאָציאַליסטישן געוועט און אַרבעט איבערן פינפיאָריקן פּלאַן. אין די צעכן זינגען די „ברידער“ און „שוועסטער“ זייערע הייליקע לידער. די סעקטאַנטן מיטינגירן קעגן די איינקויף-ביכלער, און דאָס אַפּיקאָרסים קעמערל טוט גאָרנישט“. איך ווייז אָן אַף אָט-דער נאָטיץ. דער, וואָס האָט זי געשריבן, וואַרפט אַרויף די גאַנצע באָד, זעט אויס, אַפן אַפּיקאָרסים-קעמערל, וואָס טוט גאָר נישט. איך מיין, אַז דאָס אַפּיקאָרסים-קעמערל טוט נישט דערפאַר, אַפּאָנעם, ווייל דער, וואָס פירט אָן מיט זיי, טוט גאָר נישט. זעט אויס, די אָרטיקע אָנפירנדיקע פּאַרטייִשע און קאָמיונישע אָרגאַניזאַציעס פירן שלעכט אָן מיטן אַפּיקאָרסים-קעמערל; זיי אַרבעטן זייער שלעכט אין דעם געביט און מאַכן זיך גאָר ניט דערפון, וואָס בא זיי אונטער דער האַנט האָבן סעקטאַנטן איבערגערעדט 400 מענטשן. עס קאָן זיין, אַז מע מוז עפּשער פאַנאַנדערלאָזן דאָס אַפּיקאָרסים-קעמערל, וואָס טוט גאָרניט, און אָרגאַניזירן אַן אַנדערס, אָדער גיכער פאַר אַלץ — פּאָשעט פאַריכטן דאָס קעמערל. ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט-דעם אַפּיקאָרסים-קעמערל? בעשאַס מיר שאַפן אונדזערע קעמערלעך, דאַרפן מיר דאָך געדענקען, אַז מיר, אַלס פאַרבאַנד, טראָגן די אַכראַיעס פאַר אונדזער

אַרבעט. אָבער די אָנפירונג דאַרף זיין געזיכערט פון דער פאַרטיי, דורך די קאָמיוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

וואָס פאַר אַ פּראַנט מיר זאָלן איצט ניט נעמען, צי איז דאָס דער קאַמף פאַרן נייעם לעבנשטייגער אָדער עפּעס אַנדערש, שטויסן מיר זיך אָן אומעטום אויף אַ ווידערשטאַנד פון סעקטאַנטן און קלויסטער-לייט. זיי זיינען ניט בלויז קעגן אַנטירעליגיעזער, נאָר אַפילו קעגן אַנרעליגיעזער דערציִונג אין שול (וועגן שול וועלן מיר נאָך ריידן באַזונדער). זיי זיינען קעגן פּיאָנערישע מאַכנעס. זיי זיינען קעגן קאָמיוג. פאַרשטייט זיך, אַז קעגן דער קאָמפּאַרטיי זיינען זיי אויך. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זיינען קעגן אַ לייענשטיבל, וואָס דערלאַנגט דער מאַסע אַנטירעליגיעזע און אַלערליי אַנדערן מאַטעריאַל און וואָס עפנט באַ איר די אויגן אַפן קלייקוידעשדיקן שווינדל. זיי זיינען קעגן דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי, וואָס מיר פירן אַדורך. זיי פריידיקן, אַז העלפן קאָן נאָר גאָט און ניט די קאָאָפּעראַציע אָדער דער קאָלווירט.

## דער קאַמף פאַרן נייעם לעבנשטייגער

דאָ וועלן מיר האָבן אויסצושטיין זייער אַן איינגעשפּאַרטן קאַמף. בעשאַס מיר קעמפן פאַרן נייעם שטייגער, פאַר אַשטייגער אָן רעליגיע און אָן שיקרעס, שטעלן זיך אונדז אַפּטמאָל אין וועג סעקטאַנטן אָדער אַנדערע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען „אויך“ גרייט ארויסצושטעלן דעם לאָזונג פון ניכטערקייט, פון געזינטערע געשלעכטלעכע באַציִונגען א. א. וו. א. א. וו. דאָ דאַרפן מיר געבן אַ שאַרפע קריטיק פון דער פאָן, אונטער וועלכער די אַרבעט ווערט געפירט, און באַווייזן דעם אונטערשייד פון אונדז ביז זיי אין דיזאָזיקע פראַגן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס קאָן מען באַווייזן נאָר דעמאָלט, ווען מיר אַליין קאָנען זיין אַ מוסטער, אַ פאָרגייער אינעם קאַמף פאַר נייעם לעבנשטייגער. איך מיין גאָר ניט צו זאָגן, אַז עס איז פאַר אונדז אַ מוז צו זיין מיטגלידער פון אַ ניכטערקייט-געזעלשאַפט. האָגאָם עס וואָלט גאָר ניט שלעכט

געווען, ווען מיר אַלע זאָלן זיין אַבסאָליוט ניכטערלער. מיר זאָגן ניט, אַז וויבאַלד דו ביסט אַן אַפּיקוירעס, טאָרסטו לאַכלוטן גאָר ניט טרינקען. איך מיין גאָר ניט, אַז מיר מוזן דערביי פירן עפּעס אַ באַזונדער מין פּאָליטיק. איך מיין נאָר, אַז צווישן אונדז טאָר ניט פּאָרקומען אַזוינס, ווען מיר אַליין ווייזן אַ ביישפּיל, אַז מיר שטעקן טיף אינעם זומפּ פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר האָבן דאָ ניט לאַנג אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי איינעם אַ יונגן כאַווער (פּאַרטיי-מיטגליד פון 1926 יאָר, אַ קורסאַנט פון דער גובערניעלער סאָוופּאַרטשול) דערפאַר, וואָס זייענדיק קאָמאַנדירט אין דאָרף אַף דורכצופירן אַן אַנטירעליגיעזן פּאָרטראַג, האָט ער זיך אָנגעטרונקען שיקער, געהאַקט שויבן, געכוליגאַנעוועט און דערנאָך אוועק נעכטיקן צום גאַלעך, ווו ער האָט ווידער געמאַכט סקאַנדאַלן. ווען מע שיקט *אַזעלכע* אַנטירעליגיעזניקעס, און נאָך דערצו אין דאָרף אַריין, וועט דערפון גאָר ניט אַרויסקומען. פאַרגעסט ניט, אַז די סעקטאַנטן און קלייקוידעש נוצן אויס אונדזערע פעלערן ביז גאָר. זיי באַמערקן יעדע קלייניקייט אין אונדזער לעבן. דעריבער טאָר באַ אונדז ניט זיין קיין כילעק צווישן דעם, וואָס מיר ריידן און וואָס מיר טוען, ווען מיר גייען אַרויס קעמפן פאַר אַ נייעם לעבנשטייגער.

וועגן אַפּיקאָרסים אין דער פאַמיליע איז מיר ניט איינמאָל אויסגעקומען ריידן. דאָ קאָן מען ניט אָפּקומען פּאָשעט מיט אַרויסוואַרפן די הייליקע בילדער, מיט אופהערן דאַוונען א. א. דאָ דאַרף מען האָבן אַן *איינגעשפּאַרטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע*, איבערהויפּט, ווען אין דער פאַמיליע זיינען פאַראַן עטלעכע גלויביקע. קעמפן דאַרף מען, אָבער דאָ דאַרף מען אויך ניט קיין באַפעל, נאָר איבערצייגונג. מיט *פאַרבאָטן* דאַווענען וועט איר גאָר ניט מאַכן. אין דעם פראַט טוען די פּיאָנערן זייער פיל אויף.

*ריכטיק אַוועקשטעלן די אַנטירעליגיעזע אַרבעט אין דער פאַמיליע הייסט — אַוועקשטעלן*

די אַנטירעליגיעזע אַרבעט ריכטיק אין שול אויך. דאָ ווירקט איינס אַפן צווייטן: די פאַמיליע ווירקט אַפן שילער, אָבער אויך דער שילער ווירקט אַף דער פאַמיליע. מע מוז גייטיק אַוועקשטעלן אַ ריכטיקע אַרבעט צווישן פיאָנערן, אין קאָמיוג, אין פּראָפּאַריין און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, צווישן פאַרטייער. און מיר זעען שרעקלעכע ביישפּילן פון פאַשעטער אַמאַראַצעס אין די פראַגן אַפילע צווישן פאַרטייער. דאָ ניט לאַנג איז אַן אַגיטפּראָפּטוער אין איינעם פון די ראַיאָנען אין בערדיטשעווער קריין אַרויסגעטראָטן מיט אַ אַנטירעליגיעזן (!) פאָרטראַג, אין וועלכן ער האָט באַוויזן, אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט. דאָס האָט ריכטיק אופגערעגט די פויערים, וואָס האָבן געהערט דעם פאָרטראָג. מע האָט דעם פאָרטרעגער ניט געלאָזט ווייטער ריידן. געוויינטלעך, צווישן אַן אַרמיי פון אָנדערהאַלבן מיליאָן אונדזערע קאָמוניסטן געפינען זיך ניט ווייניק קאַליקעס אויך. מיר רייניקן איצט אונדזער פאַרטיי און וועלן אַזעלכע טיפּן אויסגעפינען. נאָר ווען אַזעלכע מענטשן קריכן אַריין אין אַגיטפּראָפּ, הייסט עס, אַז אַף דעם פראָנט איז ניט מיט אַלעמען, אויב עס קאָנען זיך נאָך ביי אונדז געפינען אַזעלכע פאָרטרעגער אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט. צו אַזעלכע פאָרטרעגער און פּראָפּאַגאַנדיסטן מוז מען צוגיין פיל שטרענגער.

## וועגן די פאָרמען פון אנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע

די פאָרמען, וויאַזוי אַנטירעליגיעז צו באַווירקן די מאַסן, דאַרף מען פאַנאַנדעראַרבעטן ביז גאָר אויספּירלעך, ביז דער קלענסטער קלייניקייט. אַלצדינג דאַרף מען דאָ אויסנוצן. אויב די „באַנייטע" קלויסטער-לייט פאַסן זיך צו צו די מער דעמאָקראַטישע פאָדערונגען פון די מאַסן און פלייסן זיך צו באַהערשן די מער דעמאָקראַטישע מאַסן, דאַרף דאָס אונדז שטויסן דערצו, אַז מיר זאָלן נאָך מער אַכט געבן אַף אָט-די מאַסן. וואָס קומט אַרויס, וואָס מירן אָפּרייסן נאָך אַ פּאָר צענדליק פון אַ וועלכן ס'איז קליינבירגערלעך

אויבערשיכט? אַט — אינעם פּויערטום, אינעם אָרעמער-קלאַס — דאָ דאַרף מען זעען, אַז די רעליגיעזניקעס זאָלן פאַר זיך קיין קאָרבאָנעס ניט געפינען. צוליב דעם מוז מען זעען, אַז די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע זאָל זיין, ווי מע זאָגט עס, ניט קיין טרוקענע, נאָר אַ פאַרשיידנאַרטיקע, אַ לעבעדיקע, וואָס זאָל אַף פאַרשיידענערליי אויפנים פאַרינטערעסירן די מאַסן. ווי כ׳ לענין פלעגט זאָגן: אי אַזוי אַרום, אי אַזוי אַרום פאַרינטערעסירן. דאָ דאַרף מען אונדזערע ערנסטע לעקציעס—פאָרטראָגן מישן מיט גוטע קינאָ-בילדער, מיט גוטער סצענישער שפּיל, מיט גוטער דעקלאַמאַציע. איצט גייט קיין איין סעקטאַנטישע פאַרזאַמלונג ניט אַדורך, אַז נאָכן פּריידיקן זאָל ניט זיין געזאַנג, מוזיק. באַ אונדז קומט מען שטענדיק אָפּ מיט אַ פאָרטראָג און פאָטער. מיר מוזן שענער מאַכן אונדזערע קרייזלעך, אונדזערע קלובן, אַביסל בעסער זיי באַפּוצן; טיפער דורכטראַכטן דעם אינהאַלט פון אונדזערע אַנטירעליגיעזע ווינקלען. אַמאָל טרעפט אַזוי: אַט איז געווען דער 35-יאָריקער יובילעי פון דער מאָסקווער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע. איז מיט וואָס, מיינט איר, האָט זיך אָנגעהויבן דער מוזיקאַלישער טייל? מיטן „וואָרט וועגן איגאָרס פּאָלק". ווי אַרום האָט זיך דאָסדאָזיקע פרומע ליד צונויפגעפּאָרט מיטן יובילעי פון דער מאָסקווער פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, — דאָס ווייסט נאָר דער, וואָס האָט די פּראָגראַם צונויפגעשטעלט. און די פאַרטיי-אָרגאַניזאַציע אַליין האָט זיך צו דעם גלאַט ניט וויסנדיק געמאַכט, גלייך ניט זי מיינט מען.

## יוגנט, פרוי און רעליגיע

אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער עקזיסטירן גרויסע אָרגאַניזאַציעס פון, אַזויגערופענער, קריסטלעכער יוגנט, וואָס באַקומען פיל מיליאָניקע סובסידיעס פון קאַפּיטאַליסטן. אַזאַ „פאַרבאַנד פון קריסטלעכער יוגנט" איז פאַראַן אין אַמעריקע, אַ „פאַרבאַנד פון קריסטלעכער סטודענטשאַפט" א. א. וו., וואָס זיינען קאַפּיטאַליס-

טישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײער ביודזשעט וועט זיך אויסגלײכן מיטן ביודזשעט פון אונדזער פאָלקסאָמבילד, אויב ניט מער. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן הונדערטער מיליאָנען רובל אין זײער רעשות אַף פּראָפּאַגאַנדע. בײַ אונדז אין לאַנד האָט מען זיך אויך געפּרוּווט, גלײך פון אָנהײב רעוואָלוציע און באַזונדער פאַר די לעצטע יאָרן, צו אָרגאַניזירן אַזעלכע „פאַרבאַנדן פון קריסטלעכע יונגע לײט“, פון כריסטאָמאָלן, קרײַזלעך און סטאַם יוגנט. יעדער פון אײַך קאָן זיך אַוואַדע אַלײן אויך דערמאָנען פון זײַן פּראַקטיק, ווען רעליגיאָזניקעס האָבן פּרובירט אָרגאַניזירן אַזעלכע יוגנט־פאַרבאַנדן. דערבײַ זײַנען פאַראַן פאַקטן, ווען פון קאָמיוג גײט מען אַריבער אין אָט־די פאַרבאַנדן פון קריסטלעכער יוגנט. ווען איר ווילט דערגײן די סיבעס פון אַזאַ אַריבערגאַנג, דערווײַסט איר זיך מערסטנטײלס, אַז שולדיק איז די ניטשטאַנדהאַפטיקע אידעאָלאָגיע פון אַזאַ יוגנט, איר באַהעפטונג מיט קלײנבירגערלעכע שיכטן. דער קאָמיוגיסט, וואָס האָט געמײנט, אַז ער דאַרף זײַן אין קאָמיוג, נאָר געקומען איז ער אין קאָמיוג מיט אַ אומבאַשטימטער, ניט קײן אויסגעפורעמטער אידעאָלאָגיע, האָט אויסצושטײן אַ ווירקונג פון צווײ זײַטן. און אָט לאָזט זיך אויס, אַז די פאַמיליע, די קלײנבירגערלעכע עלעמענטן אַרום אים, די פאַרשײדענע מינים סעקטאַנטן ווירקן שטאַרקער, אײדער די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע און די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכקײט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. דאָס באַטײַט, אַז נאָר ניט שטענדיק פירט זיך בײַ אונדז די געהעריקע אַרבעט איבערן באַוווסטזײַן פון דער יוגנט, וואָס טרעט אַרײַן אין קאָמיוג. דערום איז ניט ריכטיק, ווען מיר באַגעגענען אין דער קאָמיוגישער פּרעסע אַרטיקלען קעגן אָט־דער נויטיקער אַרבעט פון איבערמאַכן די אידעאָלאָגיע. איך וועל זיך נאָך געניי אָפּשטעלן אַף דער פראַגע.

די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פאַרשטײען זײער גוט, אַז מע דאַרף אָנהײבן פון די קינדער. און זײ מאַכן פּראָבעס צו פירן רע־

ליגיעזע ארבעט צווישן קינדער. די אַלע פּראָבעס זייגען, געוויינלער,
ניטגעזעצלעכע, לויטן דעקרעט וועגן אָפּטיילן די קינדער=
שול פון קלויסטער. דאָס דאַרף מען זאָגן אָפן. אונדזער קאָנסטי=
טוציע גיט יעדן די פרייהייט צו האַלטן פון אַ וועלכן ס'איז גלויבן,
אָבער גאָר ניט אַף צו פירן פריי רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, ווער
שמועסט צווישן קינדער און ניטדערוואַקסענע. אויב אַזעלכע אָר=
גאַניזאַציעס עקזיסטירן און ערגעץ=ווו בליען זיי אַפילע, איז דאָס
אַ סימען, אַז אונדזערע אָרטיקע סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס גיבן
ניט געגוג אַכטונג, אַף דער אָפּהיטונג פונעם סאָוועטישן געזעץ. מיר
זייגען קעגן דעם, אַז אינעם קאַמף מיט רעליגיעזע אָרגאַניזאַ=
ציעס זאָלן מיר זיך אָנשפּאַרן אַף אַדמיניסטראַטיווע מיטלען דאָרט,
ווו מע דאַרף האָבן ערנסטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. אָבער
דאָרט, ווו רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס טרעטן מיט די פיס אַף אונד=
זערע געזעצן, דאָרט זייגען אַזעלכע מיטלען געזעצלעך. אין אַזעלכע
פאַלן דאַרף מען זעען, אַז די געהעריקע סאָוועטישע אָרגאַנען זאָלן
פירן אַ ליניע ניט פון נאָכגעבן, נאָר פון באַשטימטער האַרטער
רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכקייט. עס איז גאָר קיין סאָפעק ניט, אַז
ווו=ניט=ווו ווערט בא אונדז פאַרקריפלט די קלאַסן=ליניע אין פראַט
פון ווייכהאַרציקייט בענגייע קלייקווידעש. אַפילע דער געריכט
טרעפט אַמאָל אויך צו דעם ווילן פון קלייקווידעש. דערלויבט אייך
ברענגען אַ ביישפּיל, וואָס אונדז האָט דערציילט אַ מיטגליד פון
צק"ק, כ ליטשאָוו. אַ גאַלער האָט געשיקט רופן צו זיך דריי גלוי=
ביקע קריסטן און פאַר זיי אין די אויגן האָט ער אונטערגעשריבן
אַן אָפּמאַך וועגן דעם, אַז די באַטראַטשקע וועט פון אים כוץ גע=
האַלט מער גאָר ניט פאָדערן, אַפילע ווען זי וועט, אין ערגסטן פאַל
(סאַראַ פאָרזיכטיקייט!), ווערן טראָגעדיק, און אַז זי וועט זיך מיט
אים קיינמאָל ניט מישפּעטן ניט בא קיין דין=טוירע, ניט אין סאָ=
וועטישן געריכט. געכאַסמעט האָבן דעם אָפּמאַך דער גאַלער און
די באַטראַטשקע פאַר די איידעס אין די אויגן. נאָר דער „ערגסטער
פאַל“ איז געשען און די באַטראַטשקע איז טראָגעדיק געוואָרן.

ווי דער גאַלעך האָט זיך נאָר דערוווסט, האָט ער זי אָפּגעזאָגט. די באַטראָגשקע האָט געבראַכן דעם אָפּמאַך און האָט אים אָנגעקלאָגט צום געריכט. דער געריכט האָט אויסגעהערט דעם אָפּמאַך און אים אנערקענט פאַר ניט געזעצלעך, דאָך האָט ער דער באַטראַטשקע קיין געלט ג י ט צוגעמישפּעט. אַט, זעט איר, האָט זיך געפונען אַזאַ געזעץ-מאַן, וואָס האָט דעם גאַלעך געגעבן רעכט און די באַ-טראַטשקע פאַרורטיילט.

דערזעלבער געריכט האָט באַטראַכט אַן איניען פון אַ צווייטן גאַלעך, וואָס האָט אָנגעגעבן אין געריכט אַף דער קעהילע, אַז זי צאָלט אים ניט פאַר זיין טפילע טאָן, און דער געריכט האָט באַ-שלאָסן: אויפמאָנען פון דער קעהילע און אָפּצאָלן דעם גאַלעך. אַט וויאַזוי רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס קאָנען אַרבעטן, באַנוצנדיק אונדזער נאַכגעביקייט.

טיילמאָל מאַכן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פינקטלעך נאָך די פאָרמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע און דעם שניט פון אונדזער מאַסן-אַרבעט. דער סוינע זעט מיט אונדזערע מיטלען צו קעמפן קעגן אונדז. און ווען ער באַמערקט נאָך דערביי וו-ניט-ווו אַ נאַכ-געביקייט אינעם געזעץ מיצאַד אונדזערע ראַטן-אָרגאַנען, באַקומט ער, געוויינלעך, נאָר אַ שטאַרקע ווירקונג. אַט דעם מאָמענט מוזן מיר האָבן אין אויג און אַנטקעגנשטעלן אַ פיל מער שטאַרקערע אָרגאַניזאַציע און אַ פיל מער אַנטשיידענעם ווידערשטאַנד איבערן גאַנצן פראָנט.

ווי ווייט עס דערגייט די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערע האַ-סאָגע פון די יידישע קלייקוידעש, איז באַזונדערס קלאָר צו זען פון אַ בריוו, וואָס איז אין פעוראַל 1929-י. געוואָרן אַריינ-געשיקט דעם רעדאַקטאָר פון מינסקער צייטונג „אָקטיאַבער" דערפאַר, וואָס אין צייטונג האָט אַן אַרבקאָר אויפגעדעקט די ספּעקוליאַציעס פונעם מינסקער ראָוו גלוסקער מיט דעם „קאָ-ראָבקע"-געלט (פאַר קאָשער פלייש). אין דעם בריוו רופן די קעהילע-לייט אַן דעם בעסמעדרעש, אַלס דעם „איינציקן נאַ-

ציאָנאַלן אינסטיטוט, אַרום וועלכן די ייִדן באַהעפטן זיך". און אַט ווי אַפן זיי שרעקן:

„איצט איז אייער צייט. בילט, וויפל איר ווילט, נאָר ווייסט, אַז עס וועט קומען אַ צייט (אינגיכן), ווען איר וועט נאָך זוכן אַ מאָקעס־מיקלעט (אַ באַהעלטעניש) אין די באַ־טעמעדראָשים. און דעמאָלט זאָלט איר ניט קלאָגן, אויב די מעכאַברים פונעם דאָזיקן בריוו וועלן אייך אַרויסגעבן, ווי די ערגסטע סאָנים פון פאָלק. עס וועט באַ ייִדן ניט זיין דאָן קיין ראַכמאָנעס צו זייערע ברידער—קאָמוניסטן: אַלע וועט איר דאַרפן גיין אַפן עשאַפאָט. מיר האָפן נאָך צו דערלעבן ביז יענער צייט, ווען אַף יעדער טעלעגראַפן־סלופּ וועט הענגען ווער עס איז פון דער יעווסעקציע.

...אָן אייך וועלן זיך נויקעם זיין קרעפטן, וואָס זיינען שוין איינגאַנצן פאַרטיק און וואַרטן נאָר אַף אַ גוטער גע־לעגנהייט".

(„אָקטיאַבר" פון 14 פעוראַל 1929 י.).

די קלייקווידעש פאַרשטייען זייער גוט, אַז די יוגנט וואַקסט גרינגער פון אַלע אַריין אינעם נייעם סאָציאַליסטישן שטייגער, און זיי קעמפן פאַר איר אַקשאָנעסדיק, מיט אַגיטאַציע, מיט שרעקענישן און טיילמאָל אַפילע מיט קלעפּ. דערלאָזט מען ניט די שטעטלדיקע קינדער אַריינצוטרעטן אין פּיאָנערישע מאַכנעס. מיט אַלע מיטלען האַלט מען אונטער די כאַדאָרים, טיילמאָל אַלס „צוגאָב" צו דער סאָוועטישער קינדער־שול... אַף געדראָווע־מיטלען און דאָלערס פון אויסלענדישער ייִ־דישער בורזשואַזיע האַלט מען אויס יעשיוועס פאַר אָרעמער יוגנט און מע דערציט פון זיי אַ שוואַרצע גוואַרדיע לויטן שניט פון ליובאַוויטשער רעבע, וועלכן מע האָט פאַר קאָנטר־רעוואָ־ליוציע אַרויסגעשיקט פון ראַטנפאַרבאַנד. דורך פאַרשיידענע שפּיצלער און גענג זעען די קלייקווידעש קאַליע צו מאַכן יענעם טייל יוגנט, וואָס געפינט זיך שוין אונטער דער ווירקונג פון

אונדזער דערציִונג, פון קאָמיוג. אין אַסאַך שטעטלעך געלינגט זיי אַרייַנצונאַרן אין זאַק אַרייַן קאָמיוגיסטן: אַף סימכעסטוירעדיקע „ליאַמעס" (פּאַסטאָוו), צו אַ כופּע ווערעדושן אָדער אַ ברים... אין סלוצק האָט זיך געפונען אַ לערער פון אַ ייִדישער ראַטנשול, וואָס האָט געפירט די שילער אַף אַ „קאָנצערט" אין בעסמעדרעש... ניט איינמאָל באַגעגנען זיך יעדיִעס אין צייטונג וועגן מעלאַמדים, וואָס קנעלן מיט די יאַטן ניט אַזוי טוירעס מוישע, ווי פראַגן פון שטייערן, פון טוווע=האַנדל, פון מילכאָמע=געפאַר און העצן זיי קעגן קאָמיוג, קעגן „יעווסעקן" א. אַז. וו.*

נאַטירלעך, האָט דער פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער איבערבויִונג מיטגעבראַכט אין דער ייִדישער סוויווע אויך צו אַ פאַנאַנדערגעוויקלטן אָנגריף אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט, איבערהויפּט פאַר די לעצטע פּאָר יאָר. עס איז אויסגעוואַקסן אַ היפּשע נעץ אַפּיקאָרסים=קרייזלעך אין די קולטור=אַנשטאַלטן. דאָסגלייכן, איז שטאַרק געוואַקסן די צאָל ייִדישע מיטגלידער אינעם אַפּיקאָרסים=פאַרבאַנד. די אַנטירעליגיעזע קאַמפּאַניעס האָבן אָנגענומען גאָר אַ נייעם כאַראַקטער, אַ מאַסאָוון פאַרנעם, און האָבן זיך פאַרוואַנדלט (איבערהויפּט, אין אוקריינע) אין אַ ברייטן קולטור=מאַרש. עס האָט זיך אויך אויפגעהויבן אַ געוואַלדיקע באַוועגונג פון די ברייטסטע שיכטן ייִדישע אַרבעטער און קוסטאַרן פאַר אָפּנעמען באָטעמעדראָשים און מאַכן פון זיי לייענשטיבלעך, קלובן, קולטור=הייזער, אַרטעלוואַרשטאַטן א. אַז. וו. דאָס איז אין יעדן איינציקן פאַל געווען אַן עמעסער קלאַסנקאַמף פון צענדליקער טויזנטער אַרבעטסלייט מיט זייער אָרגאַניזירטן ווילן — קעגן די נעפּמאַנישע עלעמענטן און זייערע דינער און נאָכלויפער. אויסערגעוויינלעך שטאַרק האָט אָפּגעקלונגען דער פאַרביטערטער פּראָטעסט פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן קעגן קלעריקאַליזם ביים דעם

*) זע כ׳ קירזשניצעס בראָשור „הייליקע שעדיקער", ז. 2, פאַרלאַג „בעזבאָזשניק", מאָסקווע 1929.

באַרימטן סקאַנדאַל, וואָס די רעליגיעזע קעהילעס האָבן אומגעהויבן אין פרילינג 1929 י. מיט דער אויסלענדישער מאַצע, וועלכע האָט געדינט פאַר אַן אויסרייד דער ייִדישער בורזשואַזיע צו פאַרפלייצן אַלע לענדער מיט ווילדע רעכילעס אַף דער ראַטנמאַכט. פיל הונדערטער פאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס (באַזונדערס די פרויען־דעמאָנסטראַציע פון קאַרגע 1000 האָרעפאַשנע פרויען אין מ י נ ס ק) און מאַסאַווע אַנטירעליגיעזע אָוונטן זיינען געווען דער ענטפער פון די ברייטע מאַסן אַף דעמדאָזיקן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן שפּיצל פון די ייִדישע קעהילע־לייט. אין די פייסעך־טעג האָבן געאַרבעט באַ זייער פּראָדוקציע גוואַלדיק גרויסע שיכטן, ייִדישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, אַסאַך אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך מיט אַ יאָר פריִער זיך געוואַקלט מיקוייעד אָפּטרייסלען זיך פון די פאַרשימלטע אַלטע טראַדיציעס פון רעליגיעזער פאַרשקלאַפונג. עס איז געוואָרן פּאָפּולער צווישן די ייִדישע מאַסן דער לאָזונג, אַז ווער עס פּראַוועט אַ רעליגיעזן יאָנטעוו, דער העלפט מיט, אַפילע אויב ניטווילנדיק, דער קאָנטר־רעוואָליוציע; אַז מע קאָן ניט זיין גלייכצייטיק „אי צו גאָט, אי צו ראַטנמאַכט“, נאָר מע מוז דאָ אויסקלייבן: אָדער מיטן פּראָלעטאַריאַט און קעגן רעליגיע, אָדער — מיט די נעפּמאַנעס קעגן אויפבוי פון סאָציאַליזם.

אונטער אָט דעם צייכן איז אויך אַדורך די האַרבסטיקע אַנטייאָמימנויראָימדיקע קאַמפּאַניע אין 1929 י., נאָר מיט אַ פיל מער געשטיגענעם דערפאָלג, אין הינזיכט פון פאַרנעם. דער איינפאַל פון די מאָסקווער ייִדישע אַרבעטער אויסצונוצן די געלעגנהייט, וואָס דער צווייטער טאָג ראָשעשאָנע פאַלט אויס אין אַ רו־טאָג (צום גרויסן טייל האָבן נאָך דעמאָלט די אונטערנעמונגען ניט געאַרבעט אַף קיין קעסיידערדיקע וואָך) און אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַטיוו אַן אַ נ ט י ר ע ל י ג י ע ז ן אַ ר ב ע ט ־ ז ו נ ט י ק, האָט געפונען דעם ברייטסטן אָפּ=

קלאַנג איבערן גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד, און נישט בלויז באַ יידישע אַרבעטסלייט. טויזנטער רוסישע, אוקראַיינישע א. אַ. אַרבעטער און קוסטאַרן האָבן יענעם טאָג איינגעם מיט די יידן געהאָ־רעוועט צושטייער אַפּן אַעראָפּלאַן „בירע־בידזשאַן". דאָסגלייכן, האָבן די יידישע פּויערים אין דער אַבסאָליוטער מערהייט פאַר־וואַנדלט דעם יאָמקיפּער־טאָג (14 אָקטיאַבער) אין אַ פרייעלעכן האָרעוואַניש ן טאָג פון קאָלעקטיוויזאַציע. עס האָט אפי־לע נישט געשטערט דער גראָבער פעלער, וועלכן עס איז באַ־גאַנגען דער פאָרזיצער פון קאָמערד מיט זיין טעלעגראַמע, אַז מע זאָל דעם קאָלעקטיוויזאַציע־טאָג אין יידישע דערפער אַרי־בערטראָגן אַף אַן אַנדער טאָג. (פּ. ש.).

## אונדזערע דערגרייכונגען

כאַווײרים, איך רייד דעריקער וועגן די פעלערן אין אונדזער אַרבעט. איצט — אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אין אַקטיוו. מיר האָבן אָן שום ספּעק אַ ווּקס פון אונדזער אַנטירע־ליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. איך מוז פאַרצייכענען אַ אויסערגעוויינ־לעכן פאַקט אין דער געשיכטע פון אונדזער פּרעסע, ווען 2 מאָל אין מעשעך פון איין יאָר איז דער לייטאַרטיקל אין „פּראַווּדאַ" גע־ווען געווידמעט דער פראַגע פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע.

כאַוויירים וועלן זאָגן, אַז דאָס איז קנאַפּ. נאָר די „פּראַווּדאַ" איז דאָך דער אָנפירנדיקער אָרגאַן פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי. איבערן יאָר האָט זי נאָר 300 טעג. דער „פּראַווּדאַ" קומט אויס אָפּצוגעבן די לייטאַרטיקלען פּאַר אַלע פראַגן פון מעלוכישן לעבן און אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג אַזוי, אַז צוויי לייטאַר־טיקלען פּאַר אַ האַלב יאָר צייט אינעם צ״אָ — איז אַ גאַנץ גע־נוגע צאָל. אַנדערע צייטונגען האָבן אויך שוין אָנגעהויבן זיך מער פאַרנעמען מיט אָט־דעם אייסעק. האַגאַם, מע מוז זאָגן, אַז די אופמערקזאַמקייט איז אַ גאַנץ פאַרשיידענע. אַשטייגער, ערעוו אונד־

זער צוזאַמענפאָר האָט זיך אין דער „טעקסטילער-שטימע“ פון 4 יוני 1929 י. באַוויזן אַזאַ מין סאָרט „באַגריסונג“: „אַ צוזאַמענפאָר פון לײדיקגײער, אָנשטאָט אַ צוזאַמענפאָר פון אַפּיקאָרסים“ (אַ שטימע פון אָרט: מיר בעטן עס פאַרלײענען). אַז אַווײרע די צײט אַף צו לײענען אַזאַ אַמעראַצישע נאָטיץ. דער אַרטיקל איז געווען געשריבן וועגן מאָסקווער אַפּיקאָרסים-צוזאַמענפאָר, וואָס האָט דאָך באַוויזן, אַז דער פאַרבאַנד וואַקסט. די מאָסקווער אָרגאַניזאַציע האָט פאַר דער לעצטער צײט אָפּגעטאָן אַ גרויסע אַרבעט.

בענעגײע דעמדאָזיקן אַרטיקל בעט אונדז דער צ״ק פון טעקסטילער-פאַרײן צו וויסן געבן דעם צוזאַמענפאָר וועגן זײן באַשלוס: „אויסהערנדיק כ׳ בויאַנאָווס מיטײלונג וועגן אַרטיקל „אַ צוזאַמענפאָר פון לײדיקגײער אָנשטאָט אַ צוזאַמענפאָר פון אַפּיקאָרסים“ אין נומער 25 פון דער צײטונג „טעקסטילער-שטימע“ שטעלט פעסט דער פּרעזידיום:

1) אַז דער אַרטיקל באַווײזט די פולשטענדיקע פּאָליטישע אַמעראַצעס פון איר מעכאַבער און באַלויכט בעפײרעש פאַלש די אַרבעט פונעם גובערניאַלן אַפּיקאָרסים-צוזאַמענפאָר.

2) דער אַרטיקל פאַרגרינגערט אָביעקטיוו די אַגיטאַציע פון די קלויסטער-לײט און קלײקוידעש פון אַנדערע רעליגיעזע קולטן, אָנרופנדיק די אַפּיקאָרסים לײדיקגײער.

3) די רעדאַקציע האָט געמאַכט דעם גראָבסטן פּאָליטישן פעלער, דערלאָזנדיק דורך אַ פאַרזען אָפּדרוקן דעם אַרטיקל אָן שום באַמערקונגען און אונטערשריפטן; נאָך שווערער איז דער פעלער בײַ די הײנטיקע באַדינגונגען פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף.

ווײטער פאַרצײכנט דער פּרעזידיום פון צ״ק טעקסטילער-פאַרײן אין זײן רעזאָליוציע, אַז עס טאָרן ניט דערלאָזט ווערן אין דער צײטונג אַזעלכע מינים מאַטעריאַלן און מאַכט אַ פאָרוואָרף יענע מיטאַרבעטער פון רעדאַקציע, וואָס האָבן דערלאָזט דרוקן אַזאַ נאָטיץ.

דער פּאָליטישער פעלער פון אַזעלכע מינים נײעס איז פאַר אַלעמען קלאָר.

איך האָב דעם ביישפּיל געבראַכט, קעדיי צו זאָגן, אַז גוט איז שוין דאָס, וואָס דער צ״ק פון טעקסטילער־פאַריין האָט אַזוי גיך פאַריכט די גיטריכטיקע גאַטיץ וועגן אונדזער אַרבעט, וואָס האָט פאַרקריפּלט די עמעסע זאַך־לאַגע. דאָס באַווייזט, אַז מיר זייגען ווירקלעך אויסגעוואַקסן. לאָמיר האָפן, אַז די אַנדערע פעלערן, וואָס זייגען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, וועט מען אויך אַזוי גיך אויספאַריכטן. אין אַ גאַנצער צאָל צייטונגען און זשורנאַלן זעען מיר איצט אַרטיקלען, וואָס פלעגן פריער ניט זיין. אונדזער אייגענע פּרעסע איז אויך שטאַרק אויסגעוואַקסן. איר האָט דאָ דיאַגראַמעס און ציפערן. איך וועל נאָר זאָגן וועגן איין באַשטימטער דערגרייכונג. מיט 4 יאָר צוריק האָבן מיר גענומען אַרויסגעבן אַ זשורנאַל „דער אַנטירעליגיאָזניק“, אַ מאָגער, שוואַך זשורנאַלכל, לאָמיר זאָגן דעם עמעס, מיט אַ טיראַזש פון 2 טויזנט. נאָר אָט דער זשורנאַל איז אויסגעוואַקסן אין אַ זשורנאַל, וואָס באַדינט איצט 22 טויזנט אַבאָנענטן. פאַר אַ זשורנאַל דאַרף מען דאָס רעכענען פאַרהעלטניסמעסיק אַ גרויסן טיראַזש פאַר אַזאַ קורצער צייט. ער האָט שוין איצט אַ גענוגנדיקע צאָל מיטאַרבעטער. דאָך, זיין שוואַכקייט באַשטייט אין דעם, וואָס די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס באַטייליקן זיך אין אים ווייניק, ווי ביכלאַל אין אַזעלכע זשורנאַלן, און דערום שפּיגלט ער שוואַך אָפּ די אַרבעט פון די ערטער.

מיר זעען, אַז דער פאַרבאַנד איז געוואַקסן. די ציפער, וואָס כאַווירים גיבן אָן, האַלטן שוין באַ אַ מיליאָן מיטגלידער. ביזן צוזאַמענפאָר האָבן מיר גערעכנט, אַז מיר האָבן, אָן ערעך, 500 טויזנט. אַוואַדע איז דאָס נאָך צו אַ שוואַכער וווּקס. נאָר אויב די ציפער איז אַ ריכטיקע, הייסט עס, אַז מיר זייגען פאַר דעם יאָר דאָך אויסגעוואַקסן, אַז ערעך, אין 2 אַ האַלב מאָל אַזוייפיל.

מיר באַמערקן אַ גוואַלדיקן נאָכפרעג אַף אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור. איבערן הונגער אַף פּאַפּיר קאָנען מיר דעם גאַנצן נאָכ־

פרעג ניט באַפרידיקן. מיר וועלן דאַרפן אַף דעם צוזאַמענפאָר שאַרף אַ קריטיקיר טאָן אונדזערע פאַרלעגערישע פלענער און וועלן זאָגן דעם פאַרלאַג פון אַפיקאָרסים-פאַרבאַנד און די איבעריקע פאַרלאַגן, וואָס מע דאַרף און וואָס מע דאַרף ניט אַרויסגעבן.

## מאַסאָווע אַפיקאָרסים-באַוועגונג

מיר זעען, אַז די מאַסן באַטייליקן זיך אַקטיוו אין אַנטירעליגיעזע אַרויסטרעטונגען. בעשאַס די וואַלן אין ראַט האָט די קאַמפּאַניע פון אָפּנעמען קלויסטערס און קלויזן באַקומען אַ מאַסאָוון כאַראַקטער. ווירקלעך עמעסדיקע אַרבעטער און ערטערווייז פויערישע און קוסטאַרישע מאַסן ניט בלויז פון אומגלויביקע, נאָר אַפילע פון גלויביקע האָבן זיך באַטייליקט אין אָנעמען באַשלוסן וועגן פאַרמאַכן קלויסטערס און שולן. אָט אַף דעם דאַרף מען זיך אומקוקן — אַז אַזעלכע באַשלוסן זאָלן אָנגענומען ניט בלויז ניט גלויביקע נאָר גלויביקע אויך. מיר דאַרפן זיי אַריינציען אין דער זאַך פון פאַרווירקלעכן די מאָסמיטלען, וועלכע מיר וועלן דורכפירן. מע דאַרף, אַז אין די קלובן, וואָס מיר בויען, אין די לייענשטיבלעך און קינדער-ווינקלען, וואָס מיר מאַכן פון קלויסטערס און באָטעמעדראָשים, זאָלן זיין פאַרינטערעסירט ניט בלויז די ניט גלויביקע, נאָר אויך די, וואָס גלויבן גאָך. כ' ריקאָוו האָט דערציילט אַ ביישפּיל, ווען אונטערן דרוק פון גלויביקע האָבן אומגלויביקע געמוזט צוריקגעמען זייער באַשלוס וועגן פאַרמאַכן אַ קלויסטער. וואָלטן אָבער די אומגלויביקע זיך דערשלאָגן צו האָבן די כסימעס פון גלויביקע, אַז זיי שטיצן אויך אונדזערע גענג, דעמאָלט וואָלט עס געוועזן אַ זיג. צום ביישפּיל, אין יעגאָריעווסק, בעשאַס עס איז געגאַנגען אַ קאַמפּאַניע אַף צו פאַרמאַכן 3 קלויסטערס, האָבן אַסאַך גלויביקע געכאַסמעט דעם באַשלוס, זאָגנדיק, אַז עס זיינען נאָך פאַרבליבן אַנדערע קלויסטערס, וווּ זיי קאָנען דאַוונען, און די מענן גיין פאַר קולטור-אַנשטאַלטן.

מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויסע באַוועגונג, ניט בלויז אין שטאָט, נאָר אין דאָרף אויך, פאַר אָפּזאָגן זיך פון רעליגיעזע יאָנטויווים. עס גייט אַ גרויסע באַוועגונג פאַר ניט האַלטן קיין רעליגיעזע מינהאָגים. איך מיין, עס וועט אַפילע ניט שאַטן, אַז מיר אַנטירעליגיעזניקעס זאָלן אַריינשטעלן אַ פונקט אין אונדזערע טעזיסן — וועגן אַקטיוו זיך דערשלאָגן, אַז דער ניטגלויביקער אוילעם זאָל אָפן אַוועקגיין פון די קלויסטערס און שולן, אָפן אַרויסטרעטן פון די רעליגיעזע קעהילעס און אינגאַנצן איינגרייסן מיט די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. וואָרום טיילמאָל טרעפט אַזוי, אַז דער מענטש איז אַוועק פון דער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע, אָבער עפנטלעך האָט ער מיט איר ניט אָפּגעשלאָגן קיין קאַפּאָרעס אַזוי, אַז זי רעכנט אים נאָך ווייטער פאַר אירן אַ מיטגליד. מיר מוזן זיך דערשלאָגן, אַז די מאַסע זאָל עפנטלעך אַרויסגיין פון די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס.

מע דאַרף זיך נאָך אָפּשטעלן אַף דער פראַגע וועגן דער פאָדערונג צו פאַרמאַכן קלויסטער-געביידעס. דאָס האָט אויך באַקומען אַ מאַסן-כאַראַקטער. נאָר טיילמאָל איז אַזאַ מאַסן-כאַראַקטער אַ סימען ניט אַזוי פון אַ שטאַרקער אַנטירעליגיעזער באַוועגונג, ווי פון אַן איבעריקער אַדמיניסטרירונג. אויב אין מאָסקווע פאַרמאַכט מען אין מעשעך פון אַ גאַנץ לאַנגער צייט אַ צענדליק אָדער צוויי קלויסטערס, צי מע ליקווידירט היימישע קלויסטערס, איז דאָס פאַר מאָסקווע, ווו ס'איז פריער געווען, ווי מע זאָגט „פערציק מאָל פערציק" טעמפּלען און איצט אַרבעטן נאָך אויך 400 קלויסטערס, איז דאָס, געוויינלעך, אַ קלייניקייט. דאָ קאָן עס צו קיין שום ערנסטע פאַרשווערונגען צווישן גלויביקע און ניט גלויביקע נישט ברענגען. עטלעכע זקיינים וועלן זיך אויסזידלען, לעמיי מע צענעמט דעם אָדער יענעם קלויסטער, וואָס האָט געשטערט דער באַוועגונג אין גאַס, און פּאָטער. אַפן פּלאַץ, ווו ס'איז געשטאַנען דער

קלויסטער, קומט אויף אַ סקווער אָדער אַ קינדער=פּלאַץ. אָבער אין אַ ראַיאָן, צי אין אַ געגנט, וווּ קיין שום ערנסטע אַנטירעליגיעזע אַרבעט פירט מען ניט, וווּ די מאַסע איז ניט צוגעגרייט, וווּ דאָס פאַרמאַכן אַ קלויסטער רופט אַרויס אַן ערנסטן צוזאַמענשטויס, דאָרט איז טיילמאָל שעדלעך און געפערלעך צו פאַרמאַכן אַ קלויסטער אַף אַזאַ אויפן, ווען מע קוקט ניט אַף דער מיינונג פון דער מאַסע באַפעלקערונג און מע פירט דורך די פאַרמאַכונג, אַפילע ווען עס קומט צו אַן אָפענעם סיכסעך. אין אַזעלכע ראַיאָנען איז בעטער אויסוואַרטן אַ ביסל, טיפער באַווירקן דעם עולם דורך איבערצייגונג און זען, אַז ער זאָל אַליין פאַרשטיין, אַז דאָס איז נייטיק פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן. איך מוז אייך זאָגן, אַלס אייער געוועזענער פאָרזיצער פון אַפּיקאָרסים=פאַרבאַנד, אַז אַרײַנלאָזן זיך אין אַדמיניסטראַטיווע ווירקונגמיטלען און פּרובירן פאַרבייטן דערמיט די ערנסטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע איז, יעדנפאַלס, אַ געפערלעכע זאַך.

אין קאַנטעמיראָוו געפינט זיך אַ סעקטע פּיאָדראָווצעס, בעפייערש אַ קאָנטר=רעוואָליוציאָנערע. אָבער די מיטלען, וויאַזוי מע האָט די סעקטע באַקעמפט, זיינען געווען שעדלעך און עס קאָן אַפילע זיין, אַז זיי האָבן געבראַכט מער שאָדן, איידער די סעקטע אַליין.

וועגן דעם, אַז עס איז געוואַקסן די אַנטירעליגיעזע באַוועגונג און עס גייט אַ גרויסער דראַנג אין דעם פּראַט, זאָגן איידעס די דעבאַטן אַפן 5=טן ראַטן=צוזאַמענפאָר. ס'האָט נאָך בײַ אונדז קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז אַף אַ ראַטן=צוזאַמענפאָר זאָל מען זיך אַזוי פיל אָפּגעבן מיט דער פראַגע פון רעליגיע. איך האָב געבעטן, מע זאָל מיר אַרויסשרייבן די אַלע רעדעס, האָט זיך באַקומען אַ גרויסע פּאַקע און מע קאָן פון איר מאַכן אַ גאַנצע בראָשורל רעדעס פון XIV אַלרוסלענדישן און V אַלפאַרבאַנדישן ראַטן=צוזאַמענפאָר איבער דער פראַגע פון קירך און רעליגיע. מע וואָלט זיי באַדאַרפט אַרויסגעבן מיט אַ געהעריקער דערקלערונג, ווי לענין פלעגט עס טאָן מיט די רעדעס פון דומע.

# וועגן דער קינדער-שול

האָבן מיר, הייסט עס, אַ שטאַרקן דראַנג אין דער באַוועגונג און דערגרייכונגען האָבן מיר אויך. די פראַגע באַשטייט נאָר אין דעם, אַז מיר זאָלן דידאָזיקע דערגרייכונגען פאַרפעסטיקן. פון וואָסזשע הויבט מען אָן פאַרפעסטיקן? אָנהויבן דאַרף מען פון דער קינדער-שול. דער כ' לונאַטשאַרסקי האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער פירט דורך די באַשלוסן פונעם פאָלקאָמבילד, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע ריי מאָסמיטלען, וויאַזוי אַוועקצושטעלן די אַנטירעליגיעזע דערציִונג אין שול. אייניקע פאַרדינסטן האָט דאָ אויך דער צענטראַלער ראַט פון אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד. אויב נעכטן האָט דאָ איינער פונעם דריטן דאָר אַפּיקאָרסים — אַ פּיאָנער — געזאָגט, אַז די פראַגע וועגן אַנטירעליגיעזער דערציִונג אין שול איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַפן טאָג-סיידער ניט דורכן פאָלקאָמבילד, נאָר דורכן אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד, איז אין דעם פאַראַן אַ געוויסער טייל עמעס. מע דאַרף אָבער אויך האָבן אינזינען, אַז דער פאָלקאָמבילד איז אַ מעלוכישע אָרגאַניזאַציע און מיר זיינען אַ פּריוואַטע אַנטירעליגיעזע געזעלשאַפט — און אין דעם איז פאַראַן אַ כילעק. דער פאָלקאָמבילד איז פאָרזיכטיקער צוגעגאַנגען צו דערדאָזיקער פראַגע און, מעגלעך, אַפילע צופיל פאָרזיכטיק און לאַנגזאַם. די סיבעס דערפון וועט דער כ' לונאַטשאַרסקי דערקלערן. מיר דוכט, אַז איינע פון די סיבעס איז יענער פּעדאַגאָגישער מאַטעריאַל, מיט וועלכן מיר האָבן צו טאָן. אָט דיזעלבע אַלטיטשקע, וועלכע האָט היינט געבעטן מע זאָל ניט פאַרמאַכן דעם מוראָמער קלויסטער, האָט אויך דערציילט וועגן דעם, אַז אינדערהיים רייבן די לערער אוים די הויזן, שטייענדיק אַף די קני פאַר די איקאָנעס און אין שול דאַרפן זיי פירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. און ניט נאָר לערער אַזעלכע האָבן מיר, נאָר אויך פּראָפעסאָרן, ווי, לעמאָשל, אין מאָסקווער טימיריאַזעווער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַקאַ-

דעמיע, ווו מיר גרייטן די פּויערים און אַרבעטער דערצו, אַז זיי זאָלן בויען זייער לעבן אַף נייע יעסוידעס. איז אָט דאָ קענען מיר אָנרופן נעמען פון אַזעלכע פּראָפעסאָרן, ווי דאָיארענקאָ, באָריסאָוו א. א. פון איין זייט, זיינען זיי מיספּאַלעל אַלס שליכעציבער פאַרן אָמעד און פון דער צווייטער זייט — פאַרנעמען זיי זיך מיט וויסנשאַפט.

מיר האָבן באַקומען בעיערושע אַ מוירעדיקע אַמעראַצעס, אַ גרויסער פּראָצענט לערער זיינען קינדער פון קלייקוידעש. עמעס, ניט אַלעמען קען מען מעסטן מיט איין מאָס. פאַראַן אַזעלכע קינדער פון קלייקוידעש, וועלכע זיינען געווען די גרעסטע רעוואָליוציאָנערן, ווי, לעמאָשל, טשערנישעווסקי — איינער פון די גרעסטע מאַטעריאַליסטן פון זיין צייט — איז געווען אַ גאַלעכס אַ זון, אָדער דאָבראָליובאָוו און אַסאַך אַנדערע. אָבער באַ אונדז זיינען נאָך פאַרבליבן, צום באַדויערן, אַזעלכע לערער, וועלכע ניט נאָר שטאַמען זיי פון אַ קלייקוידעשדיקער פאַמיליע, נאָר זיי זעצן פאָר אירע טראַדיציעס. אַ פּויער פון אַלטיי האָט מיר דערציילט, אַז באַ זיי דאָרט האָט מען באַשלאָסן פאַרמאַכן דעם קלויסטער, ווו לעבן אַלטאַר ליגן באַגראָבן פּויערים-פּאַרטיזאַנער צעשטאָכענע און צעשאָסענע דורך קאָלטשאַקס מאַכנעס. האָט זיך די לערערן פון דער אָרטיקער שול, אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, יעווּפראָקסיניאַ פּאָפּאָוואַ, צעשריען: „טשעפּעט ניט דעם קלויסטער, ער איז ניט אייערער נאָר גאָטס“. די קירך איז טאַקע, לויט דער קריסטלעכער לערע גאָטס, דאָס איז גאָטס פעסטונג, איבער וועלכער אַפילע „די טויערן פון געהענעם האָבן קיין שליטע ניט“. נאָר דיזעלביקע קירך אַלס אַ געביידע, אַלס אַ הויז, געהערט דער מעלוכע. באַ אונדז איז דאָך די קירך אָפּגעטיילט פון דער מעלוכע און לויטן זעלבן דעקרעט געהערט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער קירך און אויך די געביידע גופע, — דער מעלוכע, זי געפינט זיך באַ דער געזעלשאַפט פון גלויביקע בלויז אין אַרענדע און געהערט ניט צו „גאָט“. איז אָט מיט אַזעלכע לערער ווערט די אַרבעט שטאַרק פאַרשווערט. פון

איין זייט טרעפט באַ אונדז, אַז אַ לערער אַ געזעלשאַפטלעכער
טוער, אַן אַנטירעליגיאָזניק, באַקומט ניט אַף די ערטער קיין שום
שטיצע; כ׳האָב שוין געבראַכט אַ ביישפּיל, ווי מ׳האָט פאַר פירן
אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אַראָפּגענומען אַ לערער פון דער
אַרבעט — און דאָס האָט געטראָפן אין עטלעכע יאָר אַרום נאָכן
אַראָפּשליידערן די מאַכט פונעם קייסער און די קלעריקאַלן. עמעס,
ווען מע האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט מען דעם לערער צוריק
אופגעשטעלט אַף זיין אַרבעט. מיט אַ צייט צוריק האָט זיך אין
טווערער גובערניע, אין קליאזינער וואָלאָסט, אָפּגעשפּילט זייער אַ
טרויעריקע דראַמע — דער זעלבסטמאָרד פון דער לערערן לאַפּ=
שינאַ. לאַפּשינאַ איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע טוערן, וועלכע האָט
געהאַלטן פאַר נייטיק ניט צו האַלטן קיין גאָלאָכישע קינדער אין
ראַטן=שול. זאָל זיין, אַז זי האָט אַ טאָעס געהאַט. נאָר פאַרוואָס
האָט זי עס געטאָן? דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַט איין ווילן —
גיין אַפן וועג פון קלאַסנקאַמף, אַפן וועג פון קאַמף מיט די קלערי=
קאַלן. מע וואָלט זי געקענט אויסבעסערן. נאָר אָנשטאָט דעם האָט
מען פאַרפירט קעגן איר אַ גוואַלדיקע העצע, איר נאָמען האָט מען
אַזוי פאַרשמוצט אין דער צייטונג „קימרסקאַיאַ זשיזן“, אַז זי
האָט באַשלאָסן, אַז איר בלייבט צו טאָן בלויז איין זאַך — דער=
קלערן אַ הונגער=שטרייק, און זי האָט טאַקע אַזוי געטאָן, ווען זי
האָט זיך איבערצייגט, אַז קיינער וויל איר ניט העלפן. דאָס איז אַ
האַרבער איניען. קעגן איר האָבן געהעצט דעם גאַלעכס טאָכטער,
דער גאַלעך, אַ געוועזענע הענדלערקע, אַ באַלעגוף. און די אָרטיקע
אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געלאָזן טאַנצן אַפן שטריקל פון דער=
דאָזיקער וואַרעמער קאָמפּאַניע. אָט די געשיכטע ווייזט, אַז דער
פאַריין און די אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס קענען ניט שטענדיק
גענוג פילבאַר צוגיין צום לערער, וועלכער הויבט זיך אָן פאַרנעמען
מיט אַנטירעליגעזער פּראָפּאַגאַנדע.

אויב אַמאָל האָט מען געלערנט אין די שולן (און מיך האָט מען
אויך אַזוי געלערנט), אַז „גאָטס פויגל וויים ניט פון קיין זאָרג, פון

קיין אַרבעט, אַז ער פלעכט קיינמאָל ניט זאָרגעווודיק קיין לאַנגדויערנדיקע נעסט*, אַז ער האָט נאָר איין אַרבעט — צוהערן זיך צו גאָטס שטים און זינגען אים לויב־לידער, — ווייסן מיר אָבער איצט, אַז אונדזער סאָוועטישער פויגל קען אַזוי ניט לעבן: ער דאַרף אַרבעטן און ניט פאַרנעמען זיך מיט טילים זאָגן, וועט ער ניט אַרבעטן, וועלן זיינע קינדערלעך אויספייגערן פון הונגער, און אויך די מעלוכע וועט אונטערגיין. מיר טראָגן אין שול גאָר אַן אַנדער פרינציפ — דעם אַ ר ב ע ט ־ פ ר י נ צ י פ. ווער עס אַרבעט ניט, יענער דאַרף אויך ניט עסן. אונדזער שול דאַרף גאָר אַף אַן אַנדער אופן דערציִען דאָס קינד. מע קען ניט ריכטיק דערציִען דאָס קינד, אויב מירן אין זיין באַוווסטזיין איבערלאָזן כאָטש אַ ברעקעלע רעליגיע, כאָטש אַ ברעקעלע גלויבן אין יענער וועלט, אין דואַליזם, אין גוף און נעשאָמע א. א. וו. א. ד. גל. מיט דעם אַלעמען מוז מען איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סאָף.

די אַנטירעליגיעזע דערציִונג מוז מען אָנהייבן נאָך אין די קינדער־יאָרן. אויב די פאַמיליע לאָזט נאָך איבער אַן אָרט פאַר רעליגיעזע דערציִונג, פאַר רעליגיעזער באַווירקונג, דאַרף די שול ניט נאָר אויסוואָרצלען יעדן ברעקל פרומקייט און גלויבן, נאָר זי דאַרף אַף דעם פראָנט אַריבערגיין אין אָנגריף קעגן יעדן מין רעליגיעזקייט. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם פראַט פאָדערט זיך אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט, מע דאַרף צוגרייטן און איבערגרייטן די לערערשאַפט. אונדזער גאַנצע דערציִונג־סיסטעם מוז זיין דורכגעזאַפט און דורכגעדרונגען מיט אַנטירעליגיעזישקייט. אָט האָט דאָך די אַלטע מאָנאַרכיסטיש־קאַפיטאַליסטישע אָרדענונג געקענט אָנפילן איר גאַנצע דערציִונג־סיסטעם, אָנהייבנדיק פונעם לערנבוך פאַר אַריפמעטיק, מיט איר ווירקונג. אינעם לערנבוך פאַר אַריפמעטיק האָט דער

* פושקינס ליד:

Птичка божия не знает
Ни заботы, ни труда,
Хлопотливо не свивает
Долговечного гнезда.

שילער געלערנט, וויאַזוי דער הענדלער מישט אריין קאָרן אינעם ווייץ, וויאַזוי ער גיסט אונטער וואַסער אינעם גוטן ווייַן, שלעכטן טיי אינעם גוטן, — וויאַזוי ער האַנדלט און פאַרדינט. מיט איין וואָרט — פאַרדינט האָט דער פּריוואַטער הענדלער. דער גוטבאַזיצער האָט פאַרזייט הונדערטער און טויזנטער העק-טאַר ערד און האָט אויסגערעכנט, וואָס פאַר אַ גערעטעניש ער וועט באַקומען א. אַז. וו. דאַרף מען אויך איצט די אַריפמעטישע לערנביכער און אויך אַלע אַנדערע לערנביכער, ווי גאָר ס'איז מעג-לעך, און איבערהויפּט די לימודים פון נאַטורוויסנשאַפט, עקאָנאָ-מישע געאָגראַפיע, געשיכטע, געזעלשאַפט-קענטעניש — דורכזאַפּן מיט עלעמענטן פון טיפן האַס קעגן יעדן מין קלעריקאַליזם. דאָס דאַרף מען טאָן דורכויס אַפן גאַנצן דערציִונגס-פּראָצעס, אָנהייבנדיק פון דער נידעריקער שול און ענדיקנדיק מיט דער הויך-שול. און באַ אונדז טרעפט דאָך אַמאָל, אַז אין דער הויכשול קריכן אַדורך קליי-קווידעש. פון הויכשול לאָזן מיר אַמאָל אַרויס אַזעלכע סטודענטן, וועלכע שטעלן זיך דערנאָך בעראָש פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס.

דעריבער מוז די פראַגע וועגן דער שול זיין איינע פון די הויפּט-פראַגן פון אַנטירעליגיעזן קאַמף. פון דער שול דאַרף מען אָנהייבן. מע דאַרף אַ קוק געבן, וויאַזוי איז אַוועקגע-שטעלט די אַרבעט אין דער פּיאָנערן-מאַכנע. מע דאַרף די פּיאָ-נערן-מאַכנע מאַכן פאַרן פאָרפּאָסט, פאַר דער פעסטונג פון אַנטי-רעליגיעזן קאַמף אינדערהיים און אין שול. דער קאָמיוג דאַרף זיך צו דערדאַזיקער אַרבעט באַציען ניט פאָרמעל: דער קאָמיוג טיילט אויס אַ כאַווער אין צענטראַלן ראַט פון די אַפּיקאָרסים אַף אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט, אַף צו האַלטן קאָנטאַקט און דערדאַזיקער כאַווער נעמט קיין שום אָנטייל ניט אין דער אַרבעט, שטעקט גאָר אַפילע אַהער ניט אַריין. מע דאַרף, אַז דער קאָמיוג אינגאַנצן גע-נומען, יעדער קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע, יעדער קאָמיוגישע קע-מערל זאָל איינשטעלן באַ זיך אַ פעסטע, סיסטעמאַטישע אַנטי-רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע ניט איין-צוויי מאָל אין יאָר, — ערעוו

די האַרבסטיקע און פּרילינגדיקע רעליגיעזע יאָנטוווים, — נאָר אינעם מעשעד פונעם גאַנצן קיילעכדיקן יאָר, און וואָס איז נאָך, צום באַדויערן, נישטאָ.

## די פּראָפּאַריינען און די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע

וואָס נאָך פאַר אַ וועג האָבן מיר, קעדיי צו מאַכן אונדזער פאַרבאַנד פאַר אַ מאַסאָוון, קעדיי בעעמעס אַרומצוכאַפּן די ברייטע מאַסן? דאָס זיינען די מאַסן-אָרגאַניזאַציעס און קווידעמקאָל די פּראָפּאַריינען. די פּראָפּאַריינען האָבן זיך ביז איצט באַצויגן צו דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע אַזוי, ווי עס וואָלט ניט געווען זייער אייסעק, מוירע האָבנדיק, אַז דאָס זאָל ניט אָפּשרעקן די אַרבעטער. איך האַלט ניט, אַז די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז איצט ערנסט אַוועקגעשטעלט געוואָרן זאָל ווו ניט איז אָפּשטויסן די אַרבעטער פון די פּראָפּאַריינען. פאַרקערט, זי קען דינען אַלס אַ נייער מיטל פון צוציען און אויפקלערן די מאַסן, דאָס איז דאָך אויך איינער פון די געביטן פון אונדזער אויפקלערונג-אַרבעט, — די אַנטירעליגיעזע אויפקלערונג, די מאַטעריאַליסטישע. ווי האַלט עס אָבער אינדערעמעסן? אָט וואָס עס שרייבט די „פּראַוודא“ פון 30 מיי 1929.

אין סלאַוויאַנסקער און קראַמאַטאָרסקער ראַיאָנען איז ניט נאָר, וואָס די פּראָפּאַריינען דולדן אַף אַ נידעריקן אויפן די דע-זאָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט פון די קלייקווידעש, נאָר פאַרקערט, עס טרעפן אַ ריי פאַלן, ווען די פּראָפּאַריינען העלפן נאָך זיי אונטער. די וואַנט-ציימונגג פונעם זאַוואָד „רויטער כעמיקער“ דרוקט סיס-טעמאַטיש אַרטיקלען און לידער מיט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. דער סעקרעטאַר פון דער קרייז-אָפּטיילונג פונעם פאַריין ראַטנ-האַנדלסאָנגעשטעלטע, פעסאָצקי, לייענט פאַר די אַרבעטער רעלי-גיעזע לעקציעס. דער פאָרזיצער פונעם זאַוואָד פון זאַוואָד נומ. 2, כלאָפּוק, האָט אין אַ פּלאַקאַט וועגן אַז אַנטירעליגיעזער לעקציע

אויסגעמעקט דעם וואָרט „אַנטירעליגיעזע“, און פאַרביטן אים מיט „וויסנשאַפטלעך-אופקלערערישע“. אינעם ייִשעוו באַרווענקאָווע האָט מען פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע דערהאַרגעט דעם קאָמיוניסט סטארגיי און די מיטגלידער פונעם קאָמיונישן מוזי-קאַלישן קרייז האָבן ערעוו פּייסעך באַקומען אַ בריוו, ווו מע האָט זיי געסטראַשעט, אַז אויב זיי וועלן שפּילן אום פּייסעך וועלן זיי האָבן דעמזעלבן סאָף, וואָס סטארגיי. די פּראָפּאָרגאַניזאַציעס האָבן אַבסאָליוט ניט רעאַגירט אַף דערדאָזיקער האָזעדיקער אַרויסטרע-טונג פון די קלעריקאַלן.

דער אַלאָוקרייניִשער ראַט פון די פּראָפּאַריינען האָט אַנערקענט, אַז אַזאַ באַציִונג פון די פּראָפּאַריינען צו דער קאָנטר-רעוואָליוציאָ-נערער אַרבעט פון די קלייקווידעש און סעקטאַנטן איז אַ פאַרברע-כערישע. דער ראַט האָט באַשטימט דרינגענד אויסצופאָרשן די האַנדלונג פון די אויבנדערמאָנטע פּראָפּאָרגאַניזאַציעס...

גוט נאָך, וואָס מע וועט דאָרט אויספאָרשן, אָבער ניט בלויז וועגן דער אויספאָרשונג האַנדלט זיך דאָ. אָט האָט מען דאָך בא אונדז ניט לאַנג אין וולאַדימיר, אין צענטער פונעם אַרבעטער-ראַיאָן, לעבן דער פאַבריק „קאָמוניסטישער אַוואַנגאַרד“ געבויט אַ קירכע. אין יאַרצעווע, סמאָלענסקער גוב. האָט מען געבויט אַ קירכע אויך סאַמע לעבן פאַבריק. אַזעלכע פאַקטן האָבן מיר אין אַ גאַנצע ריי ערטער. וועגן וואָס דערציילן דידאָזיקע פאַקטן? זיי דערציילן וועגן דעם, אַז מיר האָבן נאָך ניט באַנומען דעם גאַנצן שאָדן, וואָס עס קען אונדז אָנטאָן די דעזאָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט פון די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווילן אָפּשלאָגן דעם כיישעק און ווילן בא די אַרבעטער-מאַסן אינעם מאָמענט פונעם סאָציאַליסטישן גע-ווער, זאָגנדיק: וואָס גרויסט איר זיך אַזוי מיט אייער פינף-אָדער צען-יאָריקן פּלאַן? אַז גאָט זאָל וועלן קען ער אַלע אייערע פּלענער איבערדרייען.

די ייִדישע רעליגיעזע קעהילע מיט אירע דינער פירט דעם קאַמף קעגן אַרבעטער-קלאַס סיסטעמאַטיש, מיט סייכל און

פלאַז, אויסגוצנדיק יעדע געלעגנהייט, מיט גוטן און מיט שלעכטן,
דורך אָפענע אַגיטאַציע און פאַרשטעלטערהייט. קעדיי אָפּצו=
נאַרן די ווייניקער אַנטוויקלטע און ניט שטאַנדהאַפטיקע טיילן
אַרבעטסלייט, פאַרשטעלן זיך טיילמאָל די יִדישע קלייקוידעש
פאַר גוטע פריינט פון דער ראַטנמאַכט און ציען אָף זיך אַרוף
סאָוועטישע מאַסקעס. איבער די שטעט און שטעטלעך הויבן
זיך אָן באַווייזן „סאָוועטיזירטע ראַבאָנים, מאַגידים, כאַזאָנים
א. א. אין זאָלאָטאָנאָש דערקלערט דער ראָוו אין אַ
דראָשע, אַז ער איז אַ מאַרקסיסט און אַז מוישע ראַבייגו איז
אויך געווען אַ מאַרקסיסט, נאָך פריער ווי מאַרקס אַליין... דאָס=
זעלבע איז פאָרגעקומען אין סמאַלין. אין שטעטל פּאָט=
שעפּ ברענגט מיט זיך אַ מאַגיד צופירן איניינעם מיט „היי=
ליקע ספאָרים“ אויך לעני־נס ביכער און אַפילע זיין בילד. אין
באַלטע און אַנד. שטעט שטעלן מאַגידים צו „טעזיסן“ פון
זייערע דראָשעס, וואָס דאַרפן דעם אוילעם „בעפיירעש“ איינ=
ריידן, אַז רעליגיע איז מאַמעש אַ סגולע צו סאָציאַליזם. צו=
ליב דערזעלבער געגנאַרעריי שענקען אַשטייגער כאַזאָנים זייערן
אַז אַרויסטריט פאַר געזערד (ליובאַוויטש א. א.). כעוו=
רע־קאַדישע מאַכט „פריווילעגיעס“ פאַר אינדוסטריעלע אַר=
בעטער (אַרטיאָמאָווסק, מינסק). אין באָב=
רויסק און אַנד. שטעט אָרגאַניזירט מען ווייבערשע
„כעווּרע מישנאַיעס“, אַז אָפּגעשטאַנענע פרויען פון אַרבעטס=
לייט זאָלן באַקומען כיישעק צו באַוואָרענען „אַ שטיקל אוי=
לעמהאַבע׳ פאַר זייערע מענער, וואָס זייגען שוין געזעלשאַפט=
לער אַקטיוו. ביכלאַל, זעען די קלייקוידעש באַזונדערס צו באַ=
ווירקן די פרויען, אַלס די אַמערסטן קאָנסערוואַטיווע און
פּאָליטיש ווייניק אויפגעקלערטע שיכטן. דאָסגלייכן ספּעקולירן
די פרומאַקעס אַפן מענטשנס נויט און שווערער לאַגע. פאַר
די אָרעמע דאַוונער שאַפט מען גמילאַס־כסאָדים; פאַר אָרע=
מעלייט מאַכט מען אין שול אַ שאַלעסודעס א. אַז. וו. שטאַר=

קערע רעליגיעזע קעהילעס אָרגאַניזירן באַ זיך בעשטיקע אָדער
לעגאַל פילאַנטראָפּישע הילפס=געזעלשאַפטן און האַלטן דער=
מיט די אָרעמשאַפט אין קלעם פון רעליגיעזער פינצטערניש.
אָבער ווו מע קאָן מיט גוטן ניט פענטען דעם אוילעם, דאָרט
באַנוצן די יִדישע רעליגיעזניקעס אויך דיזעלבע מיטלען פון
טעראָריזירן די פאַרנאַרישטע און פאַרגלויבטע מאַסן
און צווינגען זיי דורך שרעקעניש און פאַנאַטישער העצע
בענוואַלט צו גיין קעגן סאָוועטישן נייעם לעבן. און זשו=
קאָווע האָט דער ראַוו אַריינגעלייגט אין כיירעם די אַלע, וואָס
זייערע שטובלייט פלעגן אַריינגיין אין לייענשטיבל. דער קלי=
מאָוויטשער ראַוו האָט אויסגערופן אַ כיירעם אַף די, וואָס
וועלן גיין צום מיטינג וועגן בירע=בידזשאַן. אין אָלשאַן
האָט מען אין בעסמעדרעש געלאָזט וויסן די באַפעלקערונג, אַז
ווער עס וועט געבן זיין כסימע אַף אָפּצוגעמען אַ שול פאַר אַ
קלוב, דעם וועט מען אין שטאָט באָיקאָטירן, ניט צולאָזן קיין
שכיטע און קיין אַנד. ריטואַלן, נישט ברענגען צו קווורע די גע=
שטאָרבענע א. אַז. וו. און ווען באַ אַ טרעגער איז געשטאָרבן
אַ קינד, האָט ער עס געמוזט אַליין מעקאַבער זיין. 18 קוסטאַרן=
אַקטיוויסטן האָבן דאָרט באַקומען בריוועלעך, אַז מע וועט זיי
„שטילערהייט הארגענען“, אויב זיי וועלן ניט אַראָפּנעמען
זייערע כסימעס פונעם פאַפיר וועגן אָפּגעבן די שול. אין סמי=
לע האָבן קלייקוידעש אונטערגעצונדן די שול, וועלכע קוס=
טאַרן האָבן געזאָלט באַקומען פאַר אַ קלוב. אין אַ גאַנצער צאָל
שטעטלעך איז געווען פאַשעט אַ מיגהעג אונטערצושיקן פון
בעסמעדרעש „מענטשן“, וואָס רייסן אַרונטער אַף אַ כוליגאַ=
נישן אויפן פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטסלייט.
ערטערווייז פּראַקטיקירן, ווידער, די קלייקוידעש ווייבערע
מיטלען צוליב דעמזעלבן ציל; ווו, וויאַזוי עס לאָזט זיך, —
אַבי אַרונטערייסן די אַרבעט פון דער פּאַרטיי און ראַטנמאַכט
צווישן די יִדישע מאַסן. אין בערעזנע מאַכט דער ראַוו

פּונקט אינעם אָוונט פון דער אָקטיאַבער=רעוואָליוציע באַזיך אַ סיִעם מיט אַ רייכער סודע. אין אַ צווייטער שטאָט ווערט צום לעגין=טאָג אין בעסמעדרעש פּלוצים געמאָלדן אַ גרויסער העספּעד נאָך אַ ראָוו, וואָס איז געשטאָרבן אין 1913 יאָר... אַ קידעש אין שול בעשאַס אַ באַריכט=פאַרזאַמלונג אין דער קוסטאַרן=געזעלשאַפט, „לעקעד און בראָנפנס“ און כאַזאָנישע קאָנצערטן, בעשאַס אַ קאָמיוגישער דעמאָנסטראַציע א. א. וו.— אַזעלכע געגנ פון די קלייקווידעש טרעפט גאָר און גאָר אָפט אין די שטעטלעך, ווו דער אַלטער שטייגער ווירקט נאָך היפּש.

אָפטמאָל דערגייט די האָזע און כוצפּע פון די פּאַריסענע קלייקווידעש אַזוי ווייט, אַז ניט בלויז מען איז אויווער אַף דעם סאָוועטישן געזעץ, נאָר מע אַגיטירט פראַנק און פריי פאַר קאָנטר=רעוואָליוציע, מע דראָעט סאָוועטישע טוער א. א. וו. אין דובראָוונע האַלט דער ראָוו אַ פּייערדיקע דראָשע קעגן די יִדישע אַרבעטער, וואָס גלויבן ניט אין גאָט, און פאַרגלייכט די ראַטנמאַכט צו „אַ פינצטערן קעלער, וואָס קיין שום ליכט העלפט שוין דאָרט אויך ניט“. אין ליפּען סטראַשען מאַגידים, אַז „עס וועט נאָך קומען אַ צייט“. אין באַראַדיאַנקע באַווייזט דער ראָוו אין זיין דראָשע די „אַמאָליקע גאָלדענע צייט“ און איז מאַפּטיעך, אַז דער „אומגליקלעכער הייגט וועט מוזן אונטערגיין“. אין טשאַרנאָסטראָוו מאַכן די קעהילע=לייט אַ סקאַנדאַל אין ראַט און פאָדערן, ניט אַנדערש, דער ראַט זאָל פאַרסטראַכירן זייער נייעם ראָוו. אין קאָידענאָוו קומט אַ בעסמעדרעש=דעלעגאַציע שרעקן דעם פאָרזיצער פון ראַי=אויספּירקאָם מיט אַ „מיעסן סאָף“, אויב מע וועט מאַכן פון דער שול אַ קלוב. אין קלינצי דערלויבן זיך קלייקווידעש צו באַשטייערן די גאַנצע יִדישע באַפעלקערונג אַף אַ פאַרקאַן אַרום בייסאַלמען, גלייך עס וואָלט נאָר קיין ראַטנמאַכט אין לאַנד ניט זיין *. און אַז אַן אַרבעטער

*) ז. כ. קירזשניצעס בראָשור „הייליקע שעדיקער“.

רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון די קלייקוידעש, וואָס גייען קעגן סאָוועטישן געזעץ, שיקט מען רופן זיין אַלטע פרוי צום ראָוו און מע „גיט איר צו פאַרשטיין“, אַז לויט דער הייליקער טוירע איז אַ גרויסע מיצווע אָפּצוסאַמען אַזאַ מאַן; אויב ניט, וועט זי בלייבן אַ זינדיקע און נאָכן טויט וועט מען זי באַהאַלטן הינטערן פּאַרקאַן... אין אַזאַ שטאָט, ווי מינסק דערלויבן זיך גאָטס-סטריאַפּטשעס (צוויי שאָכטים, אַ שאַמעס און אַ קרעמער — אַ ציִעניסט) צו באַפאַלן מיט שטיינער דעם ייִדישן אייזנבאַן-אַרבעטער כ׳ גרישקין באַ אים אין שטוב אינמיטן העלן טאָג דערפאַר, וואָס ער האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ ווייסרוסישער פרוי. דערביי ווערט געפירט צווישן אוילעם אין גאַס אַן אָפענע אַגיטאַציע קעגן דער ראַטנמאַכט. אין סאָווראַן ווערט גערופן, ערעוו די וואַלן פון ראַט, אַ געהיימע אַסיפּע אין בעסמעדרעש. אָנגעטאָן אַלע אין טאַלייסים, באַטראַכט מען דאָרט אַ פּראָעקט, וואָס צו פאָדערן פונעם נייעם ראַט (אָנזאָג) און מע באַשליסט: ניט דורכלאָזן קיין קאָמיוניסטן אין ראַט און אַריינשטופן עטלעכע „אייגענע“, וואָס זאָלן „מעטאַמע זיין“ דעם פיניגספּעקטאָר. אין זשוקאָווקע פירן די ייִדישע קלייקוידעש אַ העצע צווישן דער רוסישער באַפעלקערונג, מע זאָל ניט גיין צו די וואַלן אין ראַט, ווייל... די ייִדישע אַרבעטער ווילן, קלוימערשט, אויסכאַפּן די גאַנצע מאַכט אין שטאָט. (פּ. ש.)

אַף דעמדאָזיקן פראָנט דאַרפן מיר נאָכקוקן דעם פיינט מיט אָפענע אויגן. אייניקע פּראָפאָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן שוין אַפן VIII-טן צוזאַמענפאָר פון די פּראָפאַריינען געפרוּווט צוגיין אַקטיווער צו דערדאָזיקער פראַגע, דאַרפן איצט גרינטלעך איבערקוקן זייער גאַנצע פּראַקטיק. מיר פאָדערן ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די פּראָפאַריינען זאָלן דערקלערט ווערן פאַר אַנטירעליגיעזע, — דאָס וואָלט געווען שעדלעך, די פּראָפאַריינען דאַרפן אין זיך אַריינעמען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן נאָך ניט אינגאַנצן צעריסן מיט דער

רעליגיע, אַרבעטנדיק איבער זיי, העלפנדיק זיי *פאָטער ווערן פון דער רעליגיעזער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע*; נאָר, איך כאַזער איבער, *אַרבעטנדיק איבער זיי*. אָבער ביז איצט האָבן מיר אַזאַ מין אַרבעט קימאַט ווי ניט געזען. פאַר דער לעצטער צייט האָט דער *ווצספ״ס* געגעבן אָנווייזונגען וועגן פאַרשטאַרקן דיזאָזיקע אַרבעט, דער קולט־אָפטייל פונעם ווצספ״ס האָט געגעבן אַ ריי דירעקטיוון, נאָר די ערטער האָבן זיך נאָך וויט־ווייט ניט פאַנאַנדערגעוויגט.

מיר דאַרפן געדענקען, אַז אונדזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט דאַרף זיין פאַרבונדן מיט דער גאַנצער נייער בויונג, וועלכע וויקלט זיך באַ אונדז פאַנאַנדער. נ. ק. קרופסקאַיאַ האָט פונקט ריכטיק באַמערקט, אַז אונדזערע „פויערים־הייזער" זיינען אין דעם פראַט שלעכט איינגעאָרדנט. עס זיינען פאַראַן טיי־הייזער, אָפט ניט נאָר גוטע, אָבער דער אויבערשטער שטאָק, ווו עס דאַרף זיך פירן די אויפקלער־אַרבעט, איז אָפט אינגאַנצן פאַרמאַכט און קיין שום עמעסע, לעבעדיקע אַרבעט ווערט דאָרט ניט געפירט. די „פויערים־הייזער", די ראַטווירטן און קאָלווירטן דאַרפן זיין די צענטרען פון פראָפאַגאַנדע פאַרן איבערבויען דאָס דאָרף אַף קאָלעקטיווע יעסוידעס, זיי דאַרפן אָבער גלייכצייטיק אויך זיין די צענטרען פון פראָפאַגאַנדע פאַרן איבערבויען דעם שטייגער אַף נייע, אַטעיִסטישע יעסוידעס. אויב אַ גלויביקער, פרומער פויער קומט צו אונדז און זאָגט: „איך בין גרייט צו גיין מיט אייך אַרבעטן אין אַ קאָלעקטיווער ווירטשאַפט" און מיר וועלן אים ענטפערן בלויז: „און אין גאָט גלויבסטו?" — וועט עס געוויס זיין שעדלעך, ווייל מיט דעם וועלן מיר אים אָפשטויסן פון אונדז — און דאָס איז דאָך ניט אונדזער ציל. אַזאַ צוגאַנג איז שעדלעך און פאַלש. ווען מע פרעגט באַ מיר, צי זאָל מען אָנרופן אַ קאָלווירט מיטן נאָמען „אַפיקוירעס", ענטפער איך — אויב דערדאָזיקער נאָמען וועט ניט אָפשטויסן די פויערים פון אַריינטרעטן אין אים, מאָ רופט אים אָן „אַפיקוירעס", אויב אָבער דאָס וועט יאָ אָפשטויסן די פויערים פון

קאָלעקטיוויזאַציע, דאַן וואַרט בעסער צו, ביז איר וועט האָבן אַרום זיך אַזעלכע פויערים, וועלכע וועלן אייך פולקאָם אונטערהאַלטן. מע קען אַ קאָלווירט ניט אָנרופן „אַפיקוירעס“ און דאָך מאַכן אים פאַרן צענטער פון אַפיקאָרסישע פּראָפּאַגאַנדע. ניט דער נאָמען איז דער איקער. ווען מע רעדט איצט וועגן דעם, אַז מע דאַרף ענדערן דעם נאָמען פון „סטראַסטנאַיאַ“ אויף „אַפיקאָרסים=פּלאַץ“ בין איך אין דעם מעסופּעק. זייער מעגלעך, אַז אין אַ יאָר 5—10 אַרום וועט זיך נאָך אַלץ קענען איבערכאַזערן, לעמאָשל, אַזאַ מין געשיכטע: ווען איר וועט זאָגן „אַפיקאָרסים=פּלאַץ“ וועט מען אייך פרעגן: „וועלכער איז עס, ניט סטראַסטנאַיאַ?“ איכל ניט זאָגן, אַז איך בין אַבסאָליוט גערעכט אין דעם, אָבער איך קען מיט פולער זיכערקייט זאָגן, אַז אַ גוט=אָוועקגעשטעלטער אַנטי=רעליגיעזער מוזיי אויף סטראַסטנאַיאַ=פּלאַץ וועט אַסאַך מער אַגיטירן פאַר אַפיקאָרסעס איידער דער נאָמען פון פּלאַץ. איר קענט אַ קאָלעקטיוו ניט אָנרופן „אַפיקוירעס“, נאָר פירט דאָרט אַן אַפיקאָרסישע אַרבעט. איך כאַזער איבער, ניט די ווערטער און ניט דער נאָמען איז דער איקער. מע דאַרף, אַז דער קאָלווירט, ראַטווירט, די קאָאָפּעראַציע זאָלן אומעטום, וווּ נאָר ס'איז מעגלעך, אויסגענוצט ווערן פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. די קאָאָפּעראַציע דאַרף ניט זיין קיין מעשאָרעס באַ די קלעריקאַלן און צוגרייטן זיי די טראַדיציאָנעל=רעליגיעזע שפּייז פון אַלערליי מינים צו די „חייליקע יאָנטויווים“. זי איז דאָס ניט מעכויעוו צו טאָן און דאַרף עס ניט טאָן. מיט דעם פירן מיר און וועלן פירן אַ האַרטנעקיקן קאַמף.

## וועגן די קירכן-גלעקער, יאָנטויווים און קאַלענדאַרן

איך האָב זיך געוואָלט אָפּשטעלן נאָך אויף איין פראַגע, — וועגן גלעקער=געקלאַנג פון דער קירכע. איך האָב דיזאָזיקע פראַגע דורכגעלאָזן און וויל איצט וועגן איר דערמאָנען. עס ווערט איצט אויפ=

געהויבן די פראַגע וועגן דעם, אַז מע זאָל אופהערן קלינגען פון די קירכן=גלעקער. איך האַלט, אַז דידאָזיקע באַוועגונג איז אין גרונט גענומען אַ ריכטיקע. אין אַ גאַנצער ריי בורזשואַזע לענדער איז פאַרוועדט דאָס גלאָקן=געקלאַנג. אין דער קאַטוילישער שווייץ איז פאַראַן אַ געזעץ, וועלכער פאַרווערט דאָסדאָזיקע קלינגען און איך וועט דאָרט ניט הערן אַזאַ מין ווילדע קלינגעריי ווי בײַ אונדז.

ווי קומט עס איצט אוים אין אונדזערע שטעט? די אַרבעטער אַרבעטן איצט אין דריי וואַכטעס; דער אַרבעטער קומט אַהיים, אים ווילט זיך שלאָפן און מע הויבט אים אָן האַקן אַ מויעך מיט די קלינגערייען, צו וועלכע ער האָט קיין שום שייכעס ניט. ווער דאַרף אָט דעם געקלאַנג? דער אויסגעשלאָפענער, זאַטער און אויסגערוטער גאַלעך קומט אין קירך, לאָמיר זאָגן, האַלב אַכט אינדערפרי, ער וויל אָנהייבן די טפילע, נאָר מער ווי צוויי זקיינעס זיינען אין קירך ניטאָ. דאַרף מען צונויפרופן די גלויביקע; קריכט דעריבער דער גלאָקן=שאַמעס אַרוף אין דעם גלאָקן=טורעם און הויבט אָן פאַנאַנדערשאָקלען דעם גלאָק. קלייבט ער צונויף עטלעכע מענטשן, וועלכע ער דאַרף אַף אָנהייבן די טפילעס. וויאַזוי אָבער קלייבן זיך צונויף די באַפטיסטן, די יעוואַנגעליסטן, וויאַזוי רופן מיר צונויף די פאַרטייִשע פאַרזאַמלונגען א. אַז. וו. — קיין שום קלינגעריי איז דוכט זיך ניטאָ. אַף אַסאַך פאַבריקן און זאַוואָדן איז אַפילע ניטאָ דער הודאָק, וועלכער פלעגט פריער יאָ זיין און אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן הויבט מען דאָך אָן לויטן הודאָק אַרבעטן און ניט באַטלענען. באַטלענען קען מען אָן אַ קלונג אויך; נעם אַ וואָרט אינעם טאָג=אָרדענונג, מעלד פונעם אָמעד די גלויביקע, אַז די אינדערפריעדיקע טפילעס הויבן זיך אָן אין דער און דער צייט, די אָוונטיקע — אין יענער צייט און — גאָר. די גלויביקע וועלן פון דעם אַ האָר ניט ליידן. איז פאַרוואָס=זשע דאַרפן עפּעס מיר אַלע ליידן פונעם דאָזיקן טומל און געקלאַנג, וועלכער איז נייטיק בלויז פאַר די גלויביקע? דאָס איז אַבסאָליוט ניט צו פאַר=

שטיין. איך וואָלט גאָר וועלן מאַסרע זיין, אַז דאָס זאָל מען ניט מאָן כאַאָטיש און אומגעזעצלעך ניט פּרוּווערן דאָס קליגגען. מע דאַרף דורכפירן צווישן אַרבעטער=קלאַס אַ קאַמפּאַניע, מע דאַרף איבערצייגן דער מאַסע, אַפילע די גלויביקע, אַז דער גלאָקן=געקלאַנג איז פאַר קיינעם ניט נייטיק. דאָס האָט מען איינגעפירט אין יענע צייטן, ווען קיין זייגערס זיינען ניט געווען. דאַרף מען עס דען איצט אויך אָפּהיטן? — איך מיין, אַז ניט. נאָר קעדיי דאָס צו באַווייזן דאַרף מען דורכפירן אַן ערנסטע אופקלער=אַרבעט.

וועגן קאַלענדאַר. מיר האָבן אַ נייעם קאַלענדאַר, נאָר גויטן די פּרומאַקעס, אַז זיי זאָלן פייערן זייערע יאָנטויווים דאַפקע לויט אונדזער קאַלענדאַר, האַלט איך ניט. צו דערדאָזיקער פראַגע דאַרף מען צוגיין ניט אַזויפיל פון אַנטירעליגיעזן שטאַנדפּונקט, ווי פונעם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער סאָוועטישער פּראָדוקציע. די אינטערעסן פון דער פּראָדוקציע דאַרפן מיר שטעלן אַפן ערשטן פּלאַן און די אופגאַבן פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע — אַפן צווייטן פּלאַן. וואָס איז שייעך לאַרינס פּראָיעקט * איז אויב ער וועט אָנגענומען ווערן וועט ער אין אַ געוויסער מאָס לייזן די פראַגע, נאָר דאָס הייסט נאָך ניט, אַז דער פּראָיעקט וועט דורכגעפירט ווערן אַזוי פּאָשעט.

מיר האָבן פונדעסטוועגן אייניקע רעליגיעזע יאָנטויווים יאָ אָפּגעשאַפט. אַ באַדייטנדיקער טייל פונעם אַרבעטער=קלאַס געווינט זיך צו צו דעם, אַז אינעם טאָג פון רעליגיעזן יאָנטעוו איז גאָר ניט קיין כוויוו דאַפקע ניט צו אַרבעטן.

צי וואָלט ריכטיק געווען פירן אַ שטענדיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אָפּשאַפן די רעליגיעזע יאָנטויווים? דאָרט, ווו די פּראָדוקציאָנעלע באַדינגונגען דערלויבן צו אָפּשאַפן די רעליגיעזע יאָנטויווים, דאַרף מען זיי אָפּשאַפן, נאָר מע דאַרף עס

*) פּראָיעקט איינצופירן א קעסיידערדיקע אַרבעט-וואָך. דערדאָזיקער פּראָיעקט איז שוין באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער רעגירונג און איז שוין איינגעפירט געוואָרן אין א ריי אונטערנעמונגען מיט גרויס דערפאָלג. איבערז.

דורכפירן באַ דער פולער זיכערקייט, אַז דאָס וועט ניט אונטעררייסן די אַרבעט, אַז דאָס וועט ניט אַרויסרופן קיין איבעריקן פּוסטעפּאַסעווען, צוקראַכנקייט א. א. וו. אָט וואָס מע דאַרף האָבן קאָנקרעט אין זינען באַ יעדן באַזונדערן פאַל. מע דאַרף באַשליסן — וויאַזוי או ווו.

וואָס איז שייעך די צייט=רעכענונג, ד. ה., אַז מיר זאָלן ציילן אונדזער צייט=רעכענונג פונעם ערשטן יאָר פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, האָבן מיר דאָ זייער אַ קאָמפּליצירטע לאַגע און איך האָב מוירע, אַז די מאַסן וועלן אונדזער צייט=רעכענונג ניט פאַרשטיין, ווייל אַלע בעזשבוינעס פאַר די רעוואָליוציע=יאָרן, די גאַנצע ליטעראַטור פאַר דער צייט, האָט זיך געפירט לויט דער קריסטלעכער ערע. איך מיין, מיר דאַרפן שוין פון היינט אָן באַצייכענען אין אַלע סאָוועטישע אַקטן, און אין דער ליטעראַטור א ו נ ד ז ע ר צייטרעכענונג. איך מיין, אַז מיר האָבן שוין אָ נ ג ע ה ו י ב ן אָט דיזאָזיקע קאָמוניסטישע, סאָציאַליסטישע ערע, נאָר זי איז נאָך ניט אַריין אינעם באַוווּסטזיין פון די ברייטע מאַסן. לאָמיר זשע אַריינפירן זי אינעם באַוווּסטזיין פון די מאַסן ניט נאָר פון אונדזער לאַנד, נאָר אויך פון אַנדערע לענדער, און ווען מיר וועלן זיך צו דעם דערשלאָגן, וועט אונדז ניט שווער זיין איבערמאַכן אונדזער צייטרעכענונג, טאַקע אין דערווירקלעכקייט, און ווען מיר וועלן זאָגן דער 13=טער יאָר, זאָל מען אונדז ניט פרעגן — לויט וועלכן קאַלענדאַר רעכנט איר דאָס. דיזאָזיקע פראַגע דאַרף מען באַהאַנדלען זאַכלעך און רו:יק.

## אייניקע סאַכאַקלען

דערלויבט מיר אַביסל צו רעזיומירן דאָס, וואָס מיר פאַרמאָגן אַפן רעליגיעזן און אַנטירעליגיעזן פראָנט. קוידעמקאָל — אַ צעפאַלונג, צעברעקלונג און צעפּיצלונג, אַ קאַמעסדיקער ווּקס פון

דער צאָל רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, נאָר דעם וווּקס פון פרומקייט באַ די מאַסן באַמערקן מיר נאָר אין איינצלנע ערטער. באַ אונדז אין לאַנד פאַלט די פרומקייט, עס וואַקסט די אַפּיקאָרסעס. עמעס, דערדאָזיקער וווּקס פון אַפּיקאָרסעס קומט פאָר זייער לאַנגזאַם, אָבער אונדזערע אַפּיקאָרסים=אָרגאַניזאַציעס ווערן וואָס ווייטער אַלץ אַקטיווער. כוצדעם וואַקסן דידאָזיקע אַנטירעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס זייער שוואַך אין קוואַליטעט. עס פאַרגרעסערט זיך די צאָל אַפּיקאָרסים, אָבער זיי ווערן נאָך זייער שוואַך אַריינגעצויגן אינעם אַפּיקאָרסים=פאַרבאַנד.

מיר האָבן אָן סאָפעק אַ שטאַרקן אינטערעס און אופמערקזאַמקייט צו דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט מיצאַד דער פּאַרטיי און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבן אָבער דידאָזיקע אופמערקזאַמקייט ניט גענוג פאַרשטאַרקט. עס וואַקסט די אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור, אָבער— ניט גענוג. די קוואַליטעט פון דער אַנטירעליגיעזער ליטעראַטור איז נאָך אַ שוואַכע. די אָנפירונג מיט דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט אַף די ערטער האַלטן מיר אינגאַנצן פאַר ניט גענוגנדיק. מיר האַלטן פאַר אַ שוואַכן פונקט אין אונדזער אַרבעט דאָס, וואָס מיר האָבן נאָך ניט גענוג אַריינגעצויגן די באַדייטנדיקע שיכטן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט אין אונדזער אַרבעט. עס זיינען געמאַכט געוואָרן איינציקע פּרוּוון צו אַריינציען אין אונדזער אַרבעט אַ גאַנצע ריי געזעלשאַפטלעכע, וויסנשאַפטלעכע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז אָבער פונדעסטוועגן ביז איצט געטאָן געוואָרן זייער שוואַך. מיר דוכט זיך, אַז אויב איצט, אַפן 13=טן יאָר פון דער רעוואָלוציע, עקזיסטירט אַן אויסשטעלונג פון דער אַסאָציאַציע פון רעוואָלוציאָנערע קינסטלער (אַכר"ר), אויב איצט, ווען עס עקזיסטירן אויסשטעלונגען פון דער געזעלשאַפט פון מאָסקווער קינסטלער (אָמכ), פון „פיר קונסטן“ און אַ גאַנצע ריי אַנדערע קינסטלערישע פאַראייניקונגען, האָבן מיר געמעגט דאָ, אַפן צוזאַמענפאָר, האָבן עפּעס מער, ווי דעם איינציקן פּלאַקאַט. מיר

האָבן געמעגט האָבן אַפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿון אַפּיקאָרסים=פֿאַרבאַנד אַ גרויסע אויסשטעלונג פֿון קינסטלערישע אַנטירעליגיעזע ווערק פֿון אונדזערע קינסטלער. מע דאַרף, אַז אונדזערע קינאָ=אָרגאַניזאַציעס זאָלן אונדז ווייזן, וואָס האָבן זיי פֿאַר די יאָרן פֿון רעוואָלוציע אויפֿגעטאָן אַף דעם פֿראָנט. מע דאַרף, אַז אונדזערע טעאַטערס זאָלן אונדז ווייזן, וועלכע אַנטירעליגיעזע פּיעסן האָבן זיי געשטעלט. אונדזערע שרייבער זאָלן אונדז ווייזן, אַז אָט די און די אַנטירעליגיעזע ראָמאַנען, סקיצן, דערציילונגען, פּיעסן האָבן זיי אָנגעשריבן און שרייבן. אַזעלכע און אַזעלכע אַנטירעליגיעזע זאַמלביכער גרייטן זיך. מיר האָבן אַ פֿעדעראַציע פֿון שרייבער, מיר האָבן אַ פֿאַרבאַנד פֿון שרייבער, וועלכע רופֿן זיך „פּראָלעטאַרישע“ שרייבער, „פּויערשע“ שרייבער און אַלערליי אַנדערע. גיט זעלטן זייַנען זיי טאַקע בעעמעס אַזעלכע. נאָר אָט, בענגייע אונדזער אַרבעט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אויסערגעווייַנלעך שוואַך. דאָסזעלבע — אונדזערע אַגראָנאָמען און טעכניקער זאָגן אונדז צו צו העלפֿן אין דער דאָזיקער אַרבעט, נאָר קיין באַווייַז פֿון עמעסער, טיפֿער אַרבעט האָבן מיר גאָך ניט. אייניקע טריט ווערן אין דער ריכטונג יאָ געמאַכט. אייניקע וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן, ווי, לעמאָשל, דער בי‌אָלאָגישער מוזיי, דער טימיריאַזעווער אינסטיטוט האָבן ניט ווייניק געטאָן בענגייע דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. דערווייל הייבן ערשט אָן אונדזערע וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן צו פֿאַנאַנדערוויגן זיך. איך האָב נעכטן מיט גרויס פֿאַרגעניגן אויסגעהערט דעם כ׳ טאַן=באָגאָראַז, וועלכער האָט אונדז צוגעזאָגט הילף מיצאַד די וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן און אויך מיצאַד דער וויסנשאַפֿט=אַקאַדעמיע. ביז איצט האָט זיך די וויסנשאַפֿט=אַקאַדעמיע פֿאַרנומען מער מיט דאָוויד=האַמיילעכס טילים, ווי מיט אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. מע דאַרף זיך דערשלאָגן, אַז די אַנשטאַלטן פֿון פֿאָלקאָמבילד און הויפּט=וויסנשאַפֿט זאָלן אונדז אין זין אַסאַך אַקטיווער העלפֿן. ביז איצט האָבן זיי אונדז בלויז סימפּאַטיזירט, אָבער קיין שום ערנסטע מאַטעריעלע הילף האָבן מיר

ניט געהאַט. מיט איייניקע טעג פֿריער האָט מען מיר דערציילט, אַז די סמעטע פֿון צענטראַלן אַנטירעליגיעזן מוזיי, אַף וועלכן מיר האָבן אויסגעגעבן העכער 20 טויזנט רובל פֿון די מיטלען פֿון אונזער פֿאַרלאַג — פֿאַרגעסט ניט, אַז די געלט האָבן מיר גענומען באַם פֿאַרלאַג (איר וועט דאָרט זיין ווען איר זען, וואָס פֿאַר אַן אַרבעט דער מוזיי וויקלט פֿאַנאַנדער) — איז אָט די סמעטע האָט באַשטעטיקט דער מאָנאָ, אָבער קיין געלט גיט דער מאָנאָ ניט. נאָר אַ סמעטע האָט צוויי זייטן — הויצאָעס און האַכנאָסעס. אונדזערע הויצאָעס קענען מיר פֿירן אונטער וועלכן איר ווילט קאָנטראָל, אָבער אין אונדזערע האַכנאָסעס זייט אַזוי גוט כ' לונאַטשאַרסקי* און נעמט אויך אַן אָנטייל. אויב יעדע מאָנאָ, ראָנאָ און אַלערליי אַנדערע אָנאָ'ס וועלן בלויז אָנטיילנעמען אינעם צונויפֿשטעלן די סמעטע און צו באַקומען אונדזערע האַכנאָסעס וועלן זיי ניט העלפֿן, וועט פֿון דעם גאָרנישט אַרויסקומען. מע דאַרף פֿאַנאַנדערוויגן די פֿאַרשיידענע אַנשטאַלטן פֿון הויפּטוויסנשאַפֿט, אַז זיי זאָלן אונדז העלפֿן. באַ זיי געפֿינט זיך געוויס עפּעס אַזוינס, וואָס וואָלט געקענט צוניץ קומען דעם אַנטירעליגיעזן מוזיי. מע דאַרף אַ רוק טאָן די קויכעס פֿון די נאַטור=פֿאָרשער, ביאָלאָגן, געאָלאָגן און אַרכעאָלאָגן אונדז צו הילף. זאָלן אונדז אויך העלפֿן די געזעלשאַפֿטן פֿאַר קאַנטקענטעניש. דידאָזיקע אַלע אַנשטאַלטן זייגען נאָך ביז איצט געווען ניט גענוג אַרייַנגעצויגן אין אונדזער אַרבעט. ריכטיקער, סיי אין צענטער, סיי אַף די ערטער איז די פֿאַרבינדונג מיט דידאָזיקע אַנשטאַלטן ניט זעלטן אַ ריין=פֿאָרמעלע, אָפֿיציעלע.

אַלע פֿעלערן און כעסרוינעס אין אונדזער אַרבעט, אַלע שוואַכקייטן אין דער אַרבעט פֿון אונדזער פֿאַרבאַנד שטאַמען הויפּטזעכלעך פֿון די סיבעס, וועגן וועלכע איך האָב גערעדט. אַף וואָס=זשע

* געוועזענער פֿאָלקס-קאָמיסאַר פֿאַר בילדונג-איניאָנים, איצט פּאָרזיצער פֿון קאָמיטעט פֿון וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן. פֿאָלקס-קאָמיסאַר פֿאַר בילדונג איז איצט, לויטן באַשלוס פֿון אַלצאַ"ק, באַשטימט דער כ. בובנאָוו. א י ב ע ר ז.

דאַרף מען ווענדן די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט? דער כ׳ בוכאַרין האָט דאָ באַמערקט, אַז הויפּטזעכלעך דאַרפן מיר פאַרגרעסערן אונדזערע מאַכנעס, אונדזער אַפּיקאָרסים־פאָלק. דאָס איז ריכטיק. פון דעם שטאַנדפּונקט גייען מיר טאַקע אַרויס. וויאַזוי פאַרגרע־סערן, — וועגן דירעקטיווע וועגן און מיטלען האָב איך שוין גע־רעדט. מע דאַרף סיסטעמאַטיש ווערבירן מיטגלידער אין פאַרבאַנד. נאָר מע דאַרף ווענדן די אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר אַפן ווערבירן, נאָר אויך אַף צו דערציִען דעם, וואָס איז שוין ווערבירט גע־וואָרן, מאַכן אים פאַר אַן אַקטיוון אַנטירע־ליגיאָזניק. אַזעלכע אַנטירעליגיאָזניקעס דאַרפן מיר ווערבירן הויפּטזעכלעך צווישן די פּויערים, אַרבעטער און רויטאַרמייער.

מע דאַרף פאַרקלענערן דעם עלטער טער־מין פאַר די, וואָס טרעטן אַריין אין אונדזער פאַרבאַנד. אינעם סטאַטוט פון די פּיאָנערן איז פאַראַן אַ פּונקט, וווּ עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז מע דאַרף קעמפן מיט דער רעליגיע. ניט שוין־זשע איז בעסער צו לאָזן זיי פירן זייער קאַמף אויסער אונדזער פאַרבאַנד, אַנשטאָט צו געבן אַ מעגלעכקייט, לעמאָשל, פון 14 יאָר אָן צו ווערן מיטגלידער פון אונדזער פאַר־באַנד? מע דאַרף פאַרשטאַרקן די אויפמערקזאַמקייט אַף דער שול, אַף די אַרבעטער, פּויערים, פּויערשע אָרעמקייט, אַף יענע רע־זערוון, פונוואַנען מיר וועלן שעפּן די מאַסן אין אונדזער פאַרבאַנד.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מע דאַרף פאַרבעסערן אונדזער גאַנצע פאַרלאַג־אַרבעט, די גאַנצע פּרעסע, די גאַנצע סיסטעם פון אונדזערע פאָלימופקלער־אַנשטאַלטן, וועלכע אַרבעטן אַף דעם פראָנט. מע דאַרף בעסער אַוועקשטעלן דאָס העכערן די קוואַליפי־קאַציע פון די פּראָפּאַגאַנדיסטן, דאָס אַקטיווע צוגרייטן נייע, ברייטע קאַדרען פון אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדיסטן. באַם אַוועקשטעלן די אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן די פעלקערשאַפטן, דאַרף מען דיס־סקאַנטירן די באַזונדערקייטן פונעם קלאַסנקאַמף און אַנדערע באַ־

דיננונגען באַ דידאָזיקע פּעלקערשאַפטן. מע דאַרף אַדורכטראַכטן די פראַגע וועגן דעם, וויאַזוי בעסער און ריכטיקער פאַנאַנדערוויקלען די מאַסאָווע און אַגיטאַציע־פאָרמען פון דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט.

לעסאָף דאַרף איך זאָגן, אַז דידאָזיקע גאַנצע אַרבעט וועלן מיר קאָנען דורכפירן ריכטיק נאָר דאַן, ווען מיר וועלן פאַרשטאַרקן אונדזער פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי, מיטן קאָמיוג, ריכטיקער, ווען דער קאָמיוג וועט פאַרשטאַרקן זיין פאַרבינדונג מיט אונדז, — און ניט די פאָרמעלע פאַרבינדונג, נאָר טאַקע די עמעסע, לעבעדיקע. — וועגן דעם דאַרף מען ריידן אָפן. מיר וועלן קענען אונדזער אַרבעט דורכפירן ריכטיק, אויב די פּראָפּאַרייגען וועלן אונדז אָפּגעבן מער אויפמערקזאַמקייט, אויב דיזעלבע אויפמערקזאַמקייט וועלן מיר האָבן אויך מיצאַד אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

ענדלעך, ניט דעם לעצטן אָרט אין אונדזער אַרבעט פאַרנעמט אונדזער צווישנפעלקערלעכע פּראָפּאַגאַנדע. מיר דאַרפן האָבן איגזינען, אַז אונדזער אַרבעט באַגעגנט אַ קאָלאָסאַלן אָפּרוף אין אַלע לענדער. צו אונדזער אַרבעט קוקט מען זיך צו, מע הערט זיך צו מיט אַ גוואַלטיקן אינטערעס, און ניט נאָר יענע, וועלכע שטאַמען פון אַמאָליקע אינקוויזיטאָרן, אָדער וועלכע זייגען אַליין אינקוויזיטאָרן, נאָר עס הערן זיך צו טאַקע די ברייטע מאַסן. די סאָציאַלדעמאָקראַטן מאָלן גאַנץ אָפט ניט ריכטיק פאַר די מיירעוו־אייראָפּיישע אַרבעטער אונדזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט. זיי פאַרשפּרייטן אָפט פאַרשיידענע מאַיסעלעך וועגן אונדזער „פאַרבאַנד מיט די קלעריקאַלן" א. א. וו. א. ד. גל.

אויך דאָ, אפן צווישנפעלקערלעכן פראָנט פון קאַמף קעגן רעליגיע, שטעלן מיר ניט זעלטן אַנטקעגן דעם צוויִעסדיקן און קיינמאָל ניט־קאָנסעקווענטן סאָציאַלדעמאָקראַטישן אַנטיקלעריקאַליזם אונדזער קלאַסן־אויסגעהאַלטענע, ברייטע, מאַסאָווע, ווויסנשאַפטלעך־אָוועקגעשטעלטע אַנטירעליגיעזע אַרבעט, וועלכע העלפט

אונדז קריטיקירן די קלאַסן־וואָרצלען פון דער רעליגיע, און דעקט אויף איר עקספּלואַטאַטאָרישע ראָליע.

## שטרייט - פראַגן

לאָמיר איבערגיין צום לעצטן פונקט — צו די שטרייט־פראַגן.

אַפן פאָריקן צוזאַמענפאָר האָבן מיר זיך געשפאַרט וועגן די אָרגאַניזיר־פּרינציפּן, וועגן דעם, צי דאַרף מען שאַפן אַ צענטראַליזירטן אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד. עמעס, אויך איצט זיינען נאָך פאַראַן כאַווײרים, וועלכע סאָפּעקן אין דעם, נאָר דאָך האָט די איבערוועגנדיקע מערהייט אנערקענט, אַז דער צענטראַלער ראַט פונעם אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד איז געווען גערעכט.

מיר האָבן זיך געשפאַרט וועגן די מעטאָדן פון אונדזער אַרבעט — צי דאַרף מען אַרבעטן פּאַרטיזאַניש, צי דאַרף מען, ווי אייניקע האָבן פאָרגעלייגט, דערלאַנגען אין די ציינער, שרייען: „נידער מיט דערדאָזיקער מיעסקייט — מיט דער רעליגיע“, אָדער ענלעכעס צו דעם. מיר האָבן געהאַלטן, אַז פירן אַזאַ ליניע הייסט פאַרקריפּלען די פּאַרטייִשע, מאַרקסיסטיש־לענינישע שטעלונג פון דער פראַגע. מיר האָבן אָפּגעוואָרפן אַזעלכע קאַמף־מעטאָדן, מיר האָבן געקעמפט קעגן זיי, און איך מיין, אַז איר אַלע, וועלכע געפינט זיך איצט אַף דעם איצטיקן צוזאַמענפאָר, אנערקענט, אַז איבערבויגן דעם שטעקן, און איבערזאַלצן אין דעם היינטיקן איז שעדלעך פאַר אונדזער אַרבעט, שטערט איר.

מיר האָבן זיך געשפאַרט וועגן דעם אינהאַלט פון דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. איר געדענקט, אַז עס איז געווען אַ פּרוּוו צו פאַרבייטן די אַנטירעליגיעזע אָרגאַניזאַציע אַף אַן אָרגאַניזאַציע פון קרייזלעך פאַר קאַנטקענטעניש, פון נאַטורוויסנשאַפטלעך־געשיכטלעכע קרייזלעך א. ד. גל. דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז אויך דאָ זיינען מיר געווען גערעכט, אַז מע טאָר ניט פאַרבייטן די אַנטירעליגיעזע אַרבעט אַף אַ קולטורקלער־אַרבעט.

די קולטופקלער=אַרבעט איז נאָר אַן אומבאַדינגטער טייל
פון אונדזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. מע דאַרף אויסנוצן פאַרשיי=
דענע מינים קאַנטקענטעניש= און אַנדערע קרייזלעך, קעדיי וויסנ=
שאַפטלעך אַוועקצושטעלן אונדזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט. די קול=
ופקלער=אַרבעט דאַרף העלפן ריכטיקער און בעסער דעמאַס=
קירן דעם רעאַקציאָנערן טאָך פון יעדער רעליגיע.

מיר האָבן געשטרייט וועגן דער פראַגע — צי קען מען
קעגנשטעלן די אופקלער=אַרבעט דער אַנטי=
רעליגיעזער אין אַ לאַנד פון פראָלעטאַרישער
דיקטאַטור. אייניקע כאַוויירים האָבן דאַן פרינציפּיעל אָפּגע=
לייקנט די נויטיקייט פון אַזאַ מין אופקלער=אַרבעט, און אין לעצטן
פאַל האָבן זיי דערלאָזן, אַז דידאָזיקע אופקלער=אַרבעט „וועט ניט
ברענגען קיין שאָדן“. נאָר איך דאַרף זאָגן, אַז דידאָזיקע
כאַווײרים זיינען געשטאַנען און שטייען אויך
איצט אין פולן קעגנזאַץ מיט די באַשלוסן
פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועגן דער=
דאָזיקער פראַגע.

איך וועל נעמען די באַשלוסן פונעם XII צוזאַמענפאָר פון
אונדזער פּאַרטיי וועגן אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אין דעמ=
דאָזיקן באַשלוס ווערט געזאָגט:

„די אַרבעט פון דער פּאַרטיי אַף ענדגילטיק צו צעשטערן באַ די
אַרבעטערשע און פּויערשע מאַסן דעם רעליגיעזן גלויבן אין אַלע
זיינע פאָרמען, באַקומט אומבאַדינגט קוידעמקאָל דעם כאַראַקטער
פון אַ פּאַרטיפערטער סיסטעמאַטישער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע דעקט
אוף אָנשוילעך און איבערצייגנדיק פאַר יעדן אַרבעטער און פּויער
די גאַנצע פאַלשקייט און ווידערשפּרוכן פון זיינע אינטערעסן מיט
אַלערליי רעליגיעס; וועלכע דעמאַסקירט דעם בונד פון פאַרשיי=
דענע רעליגיעזע גרופּן מיט די אינטערעסן פון די הערשנדיקע

קלאַסן, און וועלכע שטעלט אַוועק אַפן אָרט פון די אָפּשטאַרבנדיקע רעשטן פון די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען אַ קלאָרן וויסנשאַפטלעכן קוק אַף דער נאַטור און אַף דער מענטשלעכער געזעלשאַפט“. (פון דער רעזאָליוציע פונעם XII פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר).

דערזעלבער באַשלוס פונעם XII צוזאַמענפאָר זאָגט:

„די פּאַרטיי דאַרף ניט פאַרגעסן אַז אונדזער גאַנצע אַנטירעליגיעזע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע וועט ניט קענען אָנרירן די טיפענישן פון די פּאָלקס=מאַסן קאָלזמאַן מיר וועלן ענדגילטיק ניט אָפּרוקן פונעם טויטן פונקט דאָס אופקלערן אַף אַ שול=אויפן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון שטאָט און דאָרף אינעם גייסט פון דער וויסנשאַפטלעך=מאַטעריאַליסטישער נאַטורוויסנשאַפט, און קאָלזמאַן די באַדייטנדיקע מערהייט פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג וועלן בלייבן באַ זייער אמעראצעס. בלויז דאָס געהעריקע אָרגאַניזירן שולן און צוגרייטן שול=לערער, בלויז דאָס שאַפן אַ ברייטע נעץ פון פּאָליטופּקלער אַנשטאַלטן און, קוידעמקאָל, לייענשטיבלעך, דאָס סיסטעמאַטישע און פּלאַנישע באַזאָרגן דעם דאָרף מיט אַ סאָוועטישער צייטונג און בוך און דאָס פולע, ענדגילטיקע ליקווידירן די אַמעראַצעס, — דאָס אַלץ צוזאַמען מיט די דערגרייכונגען פון דער ראַטנמאַכט אינעם אופהויבן די לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע וועלן שאַפן אַ באָדן פאַרן ענדגילטיקן און פולקאָמען אויסוואָרצלען די רעליגיעזע אַבערגלויבנס פון די טויכעס פון צענדליקער מיליאָנען בירגער פון די רעפּובליקן“ (פון די באַשלוסן פונעם XII פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר).

דאָ האַנדלט זיך ווידעראַמאָל וועגן קולטופּקלער=אַרבעט.

די באַשלוסן פונעם XIII פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר זאָגן:

„די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף מוז טראָגן דעם כאַראַקטער אויסשליסלעך פון אופקלערן אַף אַ מאַטעריאַליסטישן אויפן די דערשיינונגען פון דער נאַטור און פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט וועלכע די פויערים באַגעגענען זיך. דאָס אופקלערן די אָפּשטאַמונג פון האָגל, רעגן, טריקעניש, שטורעם, די אָפּשטאַמונג

פון שעריקער, די איינגעשאַפן פונעם באָדן, די ווירקונג פון באַמיסטיקונג א. ד. גל. זיינען די בעסטע אויפגאַנים פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. פאַרן צענטער פון דערדאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מען מאַכן די שול און דאָס לייענשטיבל אונטער דער אָנפירונג פון די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס" (פון די באַשלוסן פונעם XIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר).

צי זיינען דידאָזיקע באַשלוסן אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך וועמען ס'איז? ניין. דורך וועמען-זשע ווערן זיי באַ היינטיקן טאָג אָפּגעשאַפט? — דורך די כאַווירים גלאַקטיאָנאָוו און לוגין אין דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ", וועלכע האָט אָפּגעדרוקט אָן קיין שום באַמערקונגען אַן אַרטיקל, וואָס איז געווענדעט קעגן דער פּאַרטיי-ליניע. די עפּאָכע פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע שאַפט ניט אָפּ די באַשלוסן פון די פאָריקע צוזאַמענפאָרן, קאָלזמאַן עס זיינען ניטאָ קיין נייע באַשלוסן. מיר קלייבן זיך ניט גיין צוריק, גאָר קיינער האָט נאָך ניט געזאָגט, ניט די פּאַרטיי און ניט וועלכער ס'איז אַנדערער אויטאָריטעטער געזעלשאַפטלעכער אַנשטאַלט, אַז די באַשלוסן פונעם XII און XIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָרן וועגן דערדאָזיקער פראַגע, אַז די פּאַרטיי-פּראָגראַם וועגן דערזעלבער פראַגע דאַרף מען אָפּשאַפן, אַז זיי טויגן ניט.

דערלויבט צו איליוסטרירן, וויאַזוי מענטשן שטעלן די פראַגע. אין גלאַקטיאָנאָווס אַרטיקל אין דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" איז פאַראַן אַזאַ קעפּל „ניט פאַרבייטן, נאָר כאַרעוו מאַכן". ווייטער שרייבט גלאַקטיאָנאָוו:

„צווישן אַנדערע קוריאָזן (אונדז, אַפּיקאָרסים, איז דערפון ניט פרייליכער, נאָר ביטער), וועלן מיר אָפּמערקן אַזאַ מין „פּאָעזיע" פונעם זיידן-אַפּיקוירעס:

„אָנשטאָט גאָט — אַ האַמער אין האַנט!
שטייפער די פיס! פעסטער דער טראָט!
אָט, כאַווער, קוק און קלייב אויס
דעם קלעריקאַלן פייטער, צי דעם ערשטן מיי.

„עס האָט זיך באַ אונדז פאַרפירט אַ מין הייליקער הערלעכער מיי-יאָנטעוו אָנשטאָט פייסער, — ער רופט זיך דאָך „רויטער“.

אָט דידאָזיקע מיעסע רעאַקציאָנערע אידייעלע וועגן פאַרבייטן די רעליגיע אַף סאָציאַליסטישע שטימונגען איז אַף דורך און דורך אָפּאָרטוניסטיש: אונדזער אופגאַבע איז ניט פאַרבייטן די רעליגיע נאָר כאָרעוו מאַכן זי“.

אין וואָס-זשע וועט, לעמאָשל, זיין אויב מירן אַזוי שטעלן די פראַגע אויך אין דעם זין, — אַז אונדזער אופגאַבע איז ניט פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג מיט אַ סאָציאַליסטישער, נאָר כאָרעוו מאַכן זי? די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג איז דאָך שוין אָבער אין גרונט כאָרעוו געוואָרן (דורכן איינשטעלן די דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריאַט) אין 1917-טן יאָר, און פאַרבייטן זי מיט עפּעס דאַרף מען דאָך יאָ. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג ווערט מיט איין קלאַפּ ניט כאָרעוו, עלעמענטן פונעם קאַפּיטאַליזם זיינען נאָך אויך איצט דאָ אין אונדזער לאַנד — מיר וואָרצלען זיי אויס און וועלן זיי אויך אַף ווייטער ביזן סאָף אויסוואָרצלען. נאָר אָנשטאָט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן בויען מיר, אין דער מאָס, ווי מיר שטויסן זיי אַרויס, סאָציאַליסטישע פאָרמען. אָט וואָס פאַר אַן אַלעפבייז עס קומט אויס צו קנעלן אַף אונדזער צוזאַמענפאָר. ווען מיר זאָגן, אַז מע דאַרף קעמפן מיט דער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע, — וואָס באַטייט עס? דערויף וועט דער אַרכירעוואָליוציאָנערער מענטש גאַלאַקטיאָנאָוו ענטפערן אין דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פראַוודאַ“: „איר ווילט פאַרבייטן די קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע מיט אַ סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע, — צי דען איז עס ניט מיעסער אָפּאָרטוניזם? אונדזער אופגאַבע באַשטייט אין דעם, אַז מיר זאָלן כאָרעוו מאַכן די קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע און ניט פאַרבייטן זי אַף אַן אַנדערער, אַ סאָציאַליסטישער“. אָבער די קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע איז

דאָך שוין כאָרעוו געוואָרן דורך יאָרן און צענדליקער יאָרן, לויט דער מאָס, אין וועלכער זי ווערט *פאַרביטן* דורך אַ סאָציאַליסטישער און ניט מיטאַמאָל. וואָס לערנט עס אונדז? דאָס לערנט אונדז, אַז מענטשן קענען ניט פירן קיין סיסטעמאַטישע, קאָנסעקווענטע אַנטירעליגיעזע אַרבעט. נאָר אויב פאַר דעם כאַווער זיינען שוין צו אַלט די באַשלוסן פונעם 12-טן און 13-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָרן, איז עפּשער לענין נאָך ניט פאַרעלטערט.

אינעם זעלבן אַרטיקל שרייבט דערזעלבער כאַווער מיט אויפרעגונג:

„אַט די „מיטרעס“ און „אָרנאַטעס“ האָבן, צום באַדויערן, געשפּילט די סאַמע טרויעריקסטע ראָל אין אונדזער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. מיט דידאָזיקע בורזשואַזע שמאָכטעס, וועלכע האָבן קיין שום שייכעס ניט צום מאַרקסיזם, האָט דער אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד אָפּגעשטויסן פון זיין אַרבעט די יוגנט, וועלכע האָט מיט אייניקע יאָר צוריק מיט גרויס אַקטיווקייט גענומען זיך פאַר דער אַפּיקאָרסישער אַרבעט און זי האָט דאָ געפונען אָנשטאָט לעבעדיקע אינטערעסאַנטע מאַסן-אַרבעט עפּעס אַ מין פאַרקריפּלטע קוואָרים-גראָבערײַ און קלעריקאַלע לעגענדעס. איצט, ווען די יוגנט גייט ווידער צו צו די פראַגן פון אַפּיקאָרסישער אַרבעט ווערן די אַלטע פעלערן ווידער איבערגעכאַזערט“.

דערלויבט מיר איצט צו ציטירן לענינען, זיין אַרטיקל, וואָס ער האָט אָנגעשריבן ניט לאַנג פאַר זיין טויט, זיין פאָרעדע צום זשורנאַל „אונטער די פאָנען פון מאַרקסיזם“, ווו ער רעדט וועגן דער האַלבקייט פון די בורזשואַזע געלערנטע. וואָס אייצעט אונדז לענין?

„דער געוויסער דייטשישער געלערנטער, אַרטור דרעווס, אָפּלייקענענדיק אין זיין בוך „די לעגענדע וועגן יעזוס קריסטאָסן“ די רעליגיעזע אַבערגלויבענישן און מאַיסעלעך, דערווייזנדיק, אַז קיין שום יעזוס קריסטאָס איז ניט געווען, זאָגט זיך צום סוף בוך אַרויס פאַר רעליגיע, נאָר פאַר אַ באַנייטער, אָפּגערייניקטער, קלי-

גערער, וועלכע איז פעיִק קענגשטעלן זיך דעם „נאַטוראַליסטישן שטראָם, וואָס פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג“ (ז. 238, 4-טע דייטשישע אויסגאַבע פאַרן יאָר 1910). אָט דאָס איז — אַ רעאַקציאָנער — און אָפענער, אַ באַוווסטזיניקער, וועלכער העלפט אָפן די עקספּלואַטאַטאָרן צו פאַרבייטן די אַלטע פאַרפוילטע רעליגיע-אָבערגלויבענישן מיט נייַנקע, נאָך מער עקלדיקע און מיעסע אָבערגלויבענישן. דאָס הייסט ניט, אַז מע האָט דרעווסן ניט געדאַרפט איבערזעצן. דאָס הייסט, אַז די קאָמוניסטן און אַלע קאָנסעקווענטע מאַטעריאַליסטן דאַרפן, פאַרווירקלעכנדיק אין אַ געוויסער מאָס דעם בונד מיט דער פּראָגרעסיווער טייל פון דער בורזשואַזיע, אומקאָמפּראָמיסלעך דעמאַסקירן זי, ווען זי ווערט רעאַקציאָנער. דאָס הייסט, אַז אָפּטרייסלען זיך פון די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע פון XVII יאָרהונדערט, ד. ה. פון יענער עפּאָכע, ווען זי איז געווען רעוואָלוציאָנער, וואָלט געהייסן פאַראַטן דעם מאַרקסיזם און דעם מאַטעריאַליזם, ווייל „אַ בונד“ מיט די דרעווסן אין דער אָדער יענער פאָרמע, אין דער אָדער יענער מאָס איז פאַר אונדז אומבאַדינגט נייטיק אין קאַמף מיט די הערשנדיקע רעליגיעזע שוואַרציאָרן“. („וו. אי. לענינס געדאַנקען וועגן רעליגיע, פאַרלאַג „אַמעיסט“, ז. 119).

און ווער איז אַרטור דרעווס? אַרטור דרעווס האָט געמאַכט אַ פּרוּוו צו באַווייזן אָפן גרונט פון דער געשיכטע פון רעליגיע, פון די לעגענדעס, און טאַקע פון די „מיטרעס און אדאָניסן“ די אומבאַגרינדלעכקייט פון דער גאַנצער קריסטלעכער לערע וועגן יעזוס קריסטאָסן, אַלס „גאָטס זון“. לענין האָט ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו ווייכן פון אָט-דעם דרעווסן. מע דאַרף, האָט לענין געזאָגט, גראָבן זיך אין דער געשיכטע פון רעליגיע. און איצט זאָגט מען אונדז, אַז „דאָס הייסט קוואָרים-גראָבעריי, איר שרעקט אָפּ דער יוגנט“. מאַלע פאַר וואָס עס שרעקט זיך אָפּ די יוגנט, מאַלע פאַר וועלכע טעאָרעטישע שוועריקייטן, — האָט מען דעריבער עפּשער ביכלאַל געדאַרפט זיך נאָכשלעפּן נאָך איר און אונטערהאַלטן די שרעק-

לעכע פּאָליטישע און טעאָרעטישע אַמראַצעס, וואָס די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ האָט דערלאָזן אין די אַרטיקלען פון גאַלאַקטיאָנאָוו און לונין? און עפּשער וואָלט גרינגער פאַר אַלץ געווען צו געווינען די סימפּאַטיעס פון דער יוגנט דערלאַנגענדיק איר דאָס אַלץ אין אַ פּאַשעטער פאָרם, געבנדיק איר די סאַמע גרינגסטע רעפּוע, ווי דאָס טוט די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ — „כאָרעוו מאַכן די רעליגיע“?! אַף דעם איז מען דאָך ניט איינמאָל געשטרויכלט געוואָרן, ווען מע האָט געפּרווט וווּלגאַריזירן קאָמפּליצירטע, אָפּטמאָל שווערע טעאָריעס פון מאַרקס לערע, דערלאַנגענדיק זיי אין אַ „גרינגער“ פאָרם. איך שטרייך אונטער, אַז די געדאַנקען פון די כאַווירים גאַלאַקטיאָנאָוו און לונין זיינען די סאַמע ווולגאַרסטע באַשמוצונג פון די אידייען פון קלאַסנקאַמף, ווען זיי וואַרפן קעלאַכעריאַד דאָס געווער, מיט וועמענס הילף מע קען פאַרשטאַרקן דעמדאָזיקן קלאַסנקאַמף.

לאָמיר נעמען דעם אַרטיקל פונעם כ׳ לונין. ער האָט אין דער פראַגע וועגן אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע אויסגעפונען אַ רעכטן אָפּנייג בא די כאַווירים לונאַטשאַרסקי און ריקאָוו. אין וואָס־זשע באַשטייט זי, אָט די רעכטע געפאַר? ער ברענגט אַ ציטאַטע פונעם כ׳ ריקאָווס רעדע אַפן V־טן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן. ענטפערנדיק יענע כאַווירים, וואָס האַלטן, אַז מע דאַרף שטאַרקער אַ זעץ טאָן איבער די קלעריקאַלן, אַז מע דאַרף מער טעמפּלען פאַרמאַכן, זאָגט דאָרט כ׳ ריקאָוו:

„ווו איז דער וואָרצל פון דערדאָזיקער (רעליגיעזער) געגאַרעריי, ווו דאַרף מען אים פאַרניכטן? מען דאַרף אים פאַרניכטן אין די מויכעס פון די מענטשן. וועגן וועלכע מענטשן רעדט זיך דאָ? דאָ רעדט זיך וועגן יענע פויערים און אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָך ביז איצט ניט צעריסן מיט דער רעליגיע. דאָס איז דאָך ניט קיין קאַמף מיט די געפּליים“.

לויטן קאָנטעקסט פון דער רעדע איז צו זען, אַז ער האָט דאָ אינזינען, אַז די רעליגיעזע געגאַרעריי דאַרף מען אויסוואָרצלען ניט פון די מויכעס פון די געפּליוט און באַלעגופים, נאָר פון די אַרבעטער און פויערים און ער איז פולקאָם גערעכט. אָבער לונין טייטשט עס אויס אַזוי, אַז לויטן כ׳ ריקאָווס ווערטער קומט אויס, אַז מיט די געפּליוט דאַרף מען קיין שום קאַמף ניט פירן. „דאָ רעדט זיך — זאָגט כ׳ ריקאָוו — וועגן דער אַרבעט צווישן די אַרבעטנדיקע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. פאַרשטייט זיך, די געפּליוט און באַלעגופים זיינען דאָך פאַרייניגט מיט די קלייקוידעש. בענעגייע זיי האָבן מיר אָנגענומען און וועלן אָנעמען פאַרשיידענע מיטלען פון קאַמף, אָבער בענעגייע די באַדייטנדיקע טיילן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג זיינען אַזעלכע מיטלען קנאַפּ וואָס צוגעפּאַסט“.

פולקאָם ריכטיק. יעדערער פאַרשטייט, אַז איין זאַך איז דער געפּמאַן און באַלעגוף, צו וועלכע מע דאַרף אָנווענדן איינע מיטלען און אַ צווייטע זאַך איז דער אַרבעטער און פויער — דאָ דאַרף מען אַנדערע מיטלען. נאָר וואָס פאַר אַן אויספיר מאַכט דער כ׳ לונין?

לויט זיין מיינונג איז דעם כ׳ ריקאָווס טעאָריע וועגן דער נויטיקייט צו פאַרניכטן די רעליגיעזע געגאַרעריי אין די מויכעס פון יענע אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן נאָך מיט דער רעליגיע ניט צעריסן און די טעאָריע פונעם כ׳ לונאַטשאַרסקי, זיינען אין גרונט סויסער דעם מאַרקסיזם און די גאַנצע דערפאַרונג פונעם קלאַסנקאַמף. „דער קאַמף מיט רעליגיע אין היינטיקע באַדינגונגען — איז דער קאַמף מיטן געפּמאַן און באַלעגוף, און עס דאַרף גיין אַ רייד ניט נאָר וועגן אויסוואָרצלען די רעליגיעזע געגאַרעריי פון די קעפּ, נאָר וועגן דעם, אַז מע זאָל זי ניט דערלאָזן צו די קעפּ. עס דאַרף זיין אַ רייד ניט נאָר וועגן יענע אַרבעטער און פויערים, וועלכע האָבן נאָך ביז איצט

ניט צעריסן מיט דער רעליגיע, נאָר אויך וועגן יענע מיליאָנען אונטערוואַקסנדיקע יוגנטלעכע אַרבעטנדיקע, וועלכע אונדזערע קלאַסן־פײַנט שטרעבן צו פאַרנאַרן מיט דער הילף פון רעליגיע. מיר האָבן דאָך איצט אין די רייען פון „קריסט־יונג" ביז 2 מיליאָן יוגנטלעכע. קלאָר, אַז די רעליגיעזע גענאַרערײַ איז זיי געקומען אין קאָפּ אַרײַן ניט אין דער פאַררעוואָליוציאָנערער צײַט. די פאַראַיאָריקע אויספאָרשונג האָט דאָך באַוויזן, אַז ביז 50 פּראָצענט שילער פון די מאָסקווער שולן זײַנען פאַרנאַרט דורך דער רעליגיע.

די גאַנצע שטעלונג פון אונדזער אַנטירעליגיעזן קאַמף דאַרף אַרויסגיין פון דער האַנאַכע, אַז ס'איז נייטיק מיט דער הילף פון דער זעלבסטטעטיקייט פון די מאַסן צו פאַרניכטן די גרונט־נעסטן פון דער רעליגיעזער גענאַרערײַ און אַנטשיידן אַרויסשלאָגן פון די הענט פון די קלײַקוידעש די מיטלען פון רעליגיעזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע".

דערלויבט מיר פרעגן לוגינען, ווי־זשע דאַרף מען פאַרניכטן די רעליגיעזע גענאַרערײַ? עפּשער געפינען זיך די רעליגיעזע אידייען אין אַן אַנדער טייל פונעם קערפּער און ניט אין קאָפּ? ביז איצט האָבן מיר געהאַלטן, אַז די אידעאָלאָגישע פּראָצעסן קומען פאָר אינעם קאָפּ פונעם מענטשן. אויב דאָס איז „אַ מיִעסע אָפּאָרטוניסטישע" אידייע, ווי דאָס באַהויפּט דער כ' לוגין, טראָץ דער וויסנשאַפט, איז וואָס־זשע, — מיר זײַנען גרייט צו פאַרטיידיקן אָט־די „מיִעסע אָפּאָרטוניסטישע אידייע" קעגן אַלע לוגינס, קעגן אַלע גאַלאַקטיאָנאָווס, ווײַל מיר גייען דאָ אין אַ פאַרבאַנד מיט לעניגען, ענגעלסן און אַנדערע מאַטעריאַליסטן.

יאָ, אונדז שטייט פאַר אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט צו איבערמאַכן די אידעאָלאָגיע, צו פאַרבײַטן

די קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע אַף אַ סאָציאַליסטישער. און דידאָזיקע אַרבעט גייט, פאַרשטייט זיך, ניט לויט דער ליניע פון בלויזער קולטורפּקלער=אַרבעט, און לעגין איז געווען פולקאָם גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מע טאָר ניט מיינען, אַז נאָר לויט דער גלייכער ליניע פון קולטורפּקלער=אַרבעט וועלן מיר עס קענען דערגרייכן. אויב מיר וועלן ניט שלאָגן איבער די סאָציאַלע וואָרצלען פון רעליגיע, אויב מיר וועלן ניט אַרויסרייסן ביזן גרונט די סאָציאַלע וואָרצלען פון דערדאָזיקער רעליגיע, ד. ה. אויסוואָרצלען די עלעמענטן, וועלכע שפּייזן דעם קאַפּיטאַליזם, וועלן מיר די רעליגיע ניט פאַרניכטן — דאָס איז קלאָר. אָבער צו וואָס פירן אונדז די פאָרשלאָגן פון דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“? זיי פירן אונדז צו דעם, אַז מיר זאָלן ניט דרוקן די רעליגיעזע ליטעראַטור, אַז מיר זאָלן פאַרניכטן די גרונטגעסטן פון דער רעליגיע. וועגן דעם זאָגט די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“: „די גאַנצע שטעלונג פון אונדזער אַנטירעליגיעזן קאַמף דאַרף אַרויסגיין פון דער האַנאַכע, אַז ס'איז נייטיק מיט דער הילף פון דער זעלבסטשטעטיקייט פון די מאַסן צו פאַרניכטן די גרונט=געסטן פון דער רעליגיעזער גענאַרעריי און אַנטשיידן אַרויסשלאָגן פון די הענט פון די קלייקוידעש די מיטלען פון רעליגיעזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע“. וואָס באַטייט עס? אַף מאַמע=לאָשן הייסט עס פאַרמאַכן אַלע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, ווייל זיי זיינען דאָך די נעסטן פון רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. ווען מיר וואָלטן אַזוי געשטעלט די פראַגע, וואָלט עס געהייסן, אַפן לעצטן פאַל, — אָנהייבן אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט 60—70 מיליאָן אַרבעטנדיקע. וואָלט עס אָבער געווען ריכטיק צי ניט? ניט ריכטיק, און זייענדיק די סאַמע קאָנסעקווענטסטע און אויסגעהאַלטענע אַטעיִסטן, אַפּיקאָרסים, מאַטעריאַליסטן — לעניניסטן, וועלן מיר זיך אַף דעם שטאַנדפּונקט ניט שטעלן, ווייל אונדזער אַרבעט האָבן מיר אונטערגעוואָרפן און וועלן אונטערוואַרפן די אינטערעסן פון קלאַסנקאַמף.

אונדזער יעדן טראָט, אונדזער יעדן מעטאָד און פאָרם פון קאַמף, אין יעדן געגעבענעם מאָמענט מעסטן מיר און וועלן מעסטן לויט דעם, צי איז עס אין קאָנטאַקט מיט די אינטערעסן פון דערדאָזיקער קלאַסן־באַוועגונג. מע דאַרף ניט פאַרשפּרינגען פאָרויס, ווייל מיר קענען אָנמאַכן גרויסע און שעדלעכע פּאָליטישע פעלערן; נאָר מע דאַרף אויך ניט אָפּשטיין און נאָכשלעפּן זיך אין עק. מע דאַרף זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן כעזשבן אויך אין די פעלערן פון אונדזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט; נאָר מע דאַרף ניט דורכלאָזן און פאַרגעסן קיין איין איינציקן מיטל, וועלכער קען פאַרשטאַרקן דעם דערפאָלג פון אונדזער אַרבעט אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט. אינעם גאַנג פון דער אַרבעט דאַרף מען אויסבעסערן אַלע פעלערן, אומבעראַכמאָנעסדיק קריטיקירן זיי. דאָס איז אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַרן דערפאָלג פון אונדזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. איך רעכן, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט באַווייזן דידאָזיקע ליניע, אַז ער וועט זיך שטעלן אַף איר און מיט דעם גופע וועט ער פאַרשטאַרקן דעם וווּקס און דעם דערפאָלג פון דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט, וואָס דאָס באַטייט אַ וווּקס און אַ דערפאָלג פונעם סאָציאַליזם.

## שלוס־וואָרט
## וועגן קריטיק און זעלבסטקריטיק

וואָס האָט באַוויזן אונדזער צוזאַמענפאָר? קוידעמקאָל האָט ער באַוויזן אַ וווּקס פונעם גראַד פון אונדזערע אַפּיקאָרסים. עס איז קיין סאָפעק ניט, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָבן זיי אָנגעזאַמלט אַ קאָלאָסאַלע דערפאַרונג.

וועגן וואָס דערציילט אונדז אָט־די גרויסע דערפאַרונג? זי דערציילט אונדז, וועגן דעם, אַז מיר האָבן שוין איצט די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין צו אַ ברייטער מאַסן־אַרבעט. נאָר קעדיי דאָס צו דערגרייכן וועלן מיר דאַרפן, ווי אין אונדזער גאַנצער פּאָליטישער אַרבעט, דורכ־

מאכן ניט ווייניק שווארצע, קליינלעכע, אפטמאל אינגאנצן אומבאמערקבארע ארבעט. מיר האבן דא באהאנדלט פולקאם קאנקרעטע פראגן: וויאזוי אוועקשטעלן די ארבעט אין דארף, צווישן די סעקטאנטן, אין שטאט, אין שול, אין דער רויטער ארמיי, אין די פראפאריינען, צווישן די לערער א. א. וו. דאס באטייט, אז מיר האבן שוין באוויזן פולקאם ארומצוכאפן אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג, צווישן וועלכע מע קען נאר פירן אן אנטירעליגיעזע ארבעט און וועלכע מע דארף צוציען צו דערדאזיקער ארבעט, האגאם, מיר כאפן זי נאר שוואך ארום.

לאמיר איצט איבערגיין צו די פראגן, וועלכע זיינען אופגעהויבן געווארן סיי אין די צעטלעך, סיי אין די דעבאטן. קוידעמקאל וועגן אונדזער ציל-איינשטעלונג. מע האט מיר דערלאנגט אזא צעטעלע: „אפן צוזאמענפאר האבן זיך ארויסגעוויזן צוויי שטאנדפונקטן: 1) אז מיר געפינען זיך אין א לאגע פון אנגריף, 2) אז די קלייקוידעש גרייפן אן און דער אפיקארסים-פארבאנד ווערט זיך“. איך מיין, אז אזעלכע צוויי שטאנדפונקטן זיינען ניטא. מיר ווערן זיך ניט, מיר זיינען גארניט אזעלכע נעבעכדיקע שעפעלעך, וואס מיר זאלן זיך דארפן אפווערן. אויב ריידן מיט לענינס ווערטער, זיינען מיר קריגערישע אטעיִסטן, אבער ניט אין דעם זין, ווי דאס פארשטייען די אנארכיסטן, נאר אין דעם זין, ווי דאס פארשטייען די לענינצעס. מיר פירן א קאמף אפן אנטירעליגיעזן פראנט ניט פארטיידיקנדיק זיך פונעם קלאסן-פיינט, נאר אנגרייפנדיק אף אים. דאס ווערט פולקאם קלאר, ווען מיר נעמען אין אכט, אז אונדזער אנטירעליגיעזע ארבעט פירן מיר אין העסקעם מיט דעם פינפיאריקן פלאן פון סאציאליסטישער בויונג.

נאר מיר האבן זיך דאך שטענדיק געהאלטן בא דער שטעלונג, אז אונדזער גאנצע אנטירעליגיעזע ארבעט ווארפן מיר אונטער די אופגאבן פונעם קלאסנקאמף. איך האב דאס אין מיין פארטראג עטלעכע

מאָל אונטערגעשטרייכט. און פון דאַנען איז קלאָר; אַז קיין שום צוויי ליניעס קענען דאָ ניט זיין, מיר פאַרטיידיקן זיך ניט, מיר ווערן זיך ניט אָפּ און זיינען קיינמאָל אין אַזאַ לאַגע ניט געווען. מיר גרייפן אָן אַף די קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן. די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס זיינען די אידעאָלאָגישע אויסדריקער פון די דאָזיקע קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן. הינטער יעדער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע שטייט אַזוי צי אַנדערש דער אָדער יענער בונד מיט אַן עקספלואַטאַטאָרישער אויבערקעפל, די וואָרצלען און פעדעם פון דערדאָזיקער אויבערקעפל גייען זיך פאַנאַנדער טיפער, אָפטמאָל זיינען זיי פאַרבונדן מיטן אויסלענדישן קאַפיטאַל — די דאָזיקע קלאַסן-שטעלונג איז פאַר אונדז אַבסאָליוט קלאָר און קיין שום שטרייט איז וועגן דעם נישטאָ.

פון אייניקע צעטעלעך און פראַגן איז צו זען, אַז ניט פאַר אַלעמען איז קלאָר, אַז דער עצעם פון די פאָרמען און מעטאָדן פון אַרבעט, דאַרף זיין די שטעלונג אַף מאַסן-אַרבעט. דאָס הייסט ניט, אַז מיר אָנערקענען ניט קיין פאַרטיפערטע אַרבעט פאַר די קוואַליפיצירטע און צוגעגרייטע. ניין. נאָר אויך די קוואַליפיצירטע און צוגעגרייטע דאַרפן האָבן אינזינען די מאַסן-אַרבעט. אונדזער גאַנצע שטעלונג, — סיי אין די פעדאַגאָגישע און סיי אין די פאַרשיידענע אַנדערע הויכשולן און קאָמהויכשולן, אונדזער גאַנצע שטעלונג אין דער אַרבעט פון די צייטונגען און זשורנאַלן דאַרף זיין אַף דער מאַסן-אַרבעט. פאַראַן אַ גוטער פראַנצויזישער גלייכוואָרט: יעדער מין ליטעראַטור איז גוט, אויסער אומעטיקע. אַהער פאַסט עס. אונדזער מאַסן-אַרבעט דאַרף זיין אַ אינטערעסאַנטע, צוציִענדיקע, זי דאַרף פאַרכאַפן דעם באַוווסטזיין און די געפילן, יאָ, אויך די געפילן פון די מאַסן. אין דעם הינזיכט איז גאָרקי טיילווייז גערעכט געווען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף פאַרכאַפן די געפילן פון די מאַסן, ווענדנדיק זיי, פאַרשטייט זיך, אין אַ באַשטימטער זייט. דאָס הייסט

ניט, אַז מיר דאַרפֿן שפּילן אַף די געפֿילן. מיר דאַרפֿן שטענדיק און יעדער מאָל אופהייבן דעם באַוווסטזיין אַף אַ העכערן שטאַפּל פונעם קלאַסן־באַוווסטזיין, פונעם סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס הייסט ניט, אַז מיר דאַרפֿן קוקן אַף אונדזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט, ווי אַף אַ מין פֿריילעכן ציים־פאַרטרייב. דאָס באַפרידיקט שוין ניט אונדזער אודיטאָריע. די אַרבעטער פֿאָדערן ערנסטן מאַטעריאַל. דעריבער דאַרף מען קענען פֿאַרבינדן דעם ערנסטן מאַטעריאַל מיט דער לעבעדיקער פֿאָרם, מיט דער אינ־טערעסאַנטער פֿאָרם. און די אומזיסטע פּלאַפּלעריי דאַרף מען אויסוואָרצלען.

מע וואַרפֿט אונדז אוף, און אויך גאָרקי האָט אונדז אופגע־וואָרפֿן, אַז אייניקע אונדזערע ליטעראַרישע ווערק זיינען שלעכט אָנגעשריבן. וואָס־זשע, מיר וועלן זיין זייער צופרידן, אויב אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש וועט פֿאַר אונדז אָנשרייבן אַ גוטן אַנטירעליגיעזן ווערק, כאָטשבי צוליב דעם, קעדיי צו פֿאַריכטן דאָס, וואָס ס'איז פֿריער שלעכט אָנגעשריבן געווען.

מע פֿרעגט מיך מיקוויעד די מאַסן־פֿאָרמען, מיקוויעד דעם אַנ־טיפּייסעך־קאַרנאַוואַל, וואָס אין מאָסקווע האָט מען דערלויבט, אין יעגאָראָווסק אויך און אין אַסאַך ערטער האָט מען ניט דער־לויבט. איך האַלט ניט, אַז מע האָט געדאַרפֿט אומעטום דערלויבן אַזאַ מין קאַרנאַוואַל. די מאַסן־אַרויסטרעטונגען דאַרפֿן זאָרג־פֿעלטיק צוגעגרייט ווערן, עס דאַרף זיין אַ געוויסער אַקטיוו, קעדיי עס זאָל זיך ניט באַקומען דאָס, וואָס עס קומט באַ אונדז ערגעץ־ווו יאָ פֿאָר, אַז מע פֿרווט איינאָרדענען אַזעלכע אַרויסטרעטונגען אָן קיין שום צוגרייטונג. דעריבער דאַרף מען קיין שום אַרויסטרע־טונגען און קאַרנאַוואַלן, ווען מע איז צו זיי ניט צוגעגרייט, ניט איינאָרדענען. יעדער אַרויסטרעטונג דאַרף זאָרגזאַם און געדולדיק צוגעגרייט ווערן, פּונקט ווי מיר האָבן זיך אַמאָל, אין אונטערערד,

גענרייט זיך צו אַ דעמאָנסטראַציע. מע דאַרף פריער דורכפירן אַ גרויסע אַרבעט צווישן די מאַסן, קעדיי צו האָבן דערפאָלג.

דאָסזעלבע דאַרף מען אויך זאָגן וועגן די דיספוטן. די דיספוטן, וואָס ווערן איינגעפירט דאָרט, ווו עס זיינען ניטאָ קיין צוגעגרייטע באַוויירים, ווו מיר זיינען ניט זיכער אינעם דערפאָלג, ווו די אודיטאָריע איז אַזאַ, אַז ווען מיר קענען ניט אויסרעכענען, קענען זיך גיכער פאַרוואַנדלען אין אַ דורכפאַל, און פאַריכטן וועט דערנאָך זיין שווער.

ווייטער פרעגט מען: וואָס פאַר אַן אָרט אין דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט דאַרף פאַרנעמען דאָס דערלערנען די רעליגיעזע קענטעניש.

איך האַלט, אַז דעם לעצטן אָרט.

נאָך וועגן מאַסן־אַרבעט. מיקויעך דעם פאָרשלאָג פונעם כ׳ אָלעשטשוק וועגן אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלן אַנטירעליגיעזן טעאַטער. איך מיין, אַז אַ ספּעציעלער אַנטירעליגיעזער טעאַטער וועט פון זיך אָפּשטויסן די ברייטע מאַסן. אַהין וועלן גיין בלויז די אַפּיקאָרסים. אין אַזאַ טעאַטער דאַרף מען פונדעסטוועגן געבן דעם סאַמע פאַרשיידנאַרטיקסטן מאַטעריאַל.

נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָווגאַ קרופּסקאַיאַ האָט מיר דערציילט, אַז ווען וולאַדימיר איליטש איז געלעגן קראַנק אין גאָרקי, האָט מען פאַר אים דעמאָנסטרירט עפּעס אַ פילם — איך קען ביז היינט ניט דערוויסן זיך וועלכן — ווו דער אַנטירעליגיעזער מאָמענט האָט ניט אַרויסגעסטאַרטשעט, אָבער די אַנטירעליגיעזע אויספירן האָבן פון זיך אַליין זיך אָנגעבעטן. האָט וו. אי. געזאָגט, אַט גראָד אַזוי דאַרף מען צוגיין צו אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַסן, מע דאַרף, אַז די מאַסן אַליין זאָלן מאַכן אַנטירעליגיעזע אויספירן.

## דער אינהאַלט פון דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע

איך גיי איבער צום אינהאַלט פון דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. קוידעמקאָל וואָלט איך וועלן דורכלייענען אַ קליינעם אַב־

זאָץ פון דער פּראָגראַם פון אונדזער פּאַרטיי: „די רק"פּ(ב) איז איבערצייגט, אַז בלויז דאָס פאַרווירקלעכן די פּלאַנמעסיקייט און באַוווּסטזיניקייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די מאַסן וועט ציען נאָך זיך די פולע אָפּשטאַרבונג פון די רעליגיעזע אַבערגלויבענישן". הייסט עס, אַז דער אָנגריף אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט שטעלט זיך קוידעמקאָל פאָר די פאַרווירקלעכונג פון דער פּלאַנמעסיקייט און באַוווּסטזיניקייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די מאַסן. נאָר באַ דעם באַדינג קען אָפּשטאַרבן די רעליגיע. כּאָרעוו מאַכן די רעליגיע, צעשטערן זי — הייסט איבערבויען די ווירטשאַפט אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס. כּאָרעוו מאַכן די רעליגיע — הייסט פאַרניכטן די קלאַסן. קאָלזמאַן עס עקזיסטירן קלאַסן, עקזיסטירט רעליגיע, עקזיסטירט אַ געוויסער דואַליזם אינעם דענקען, צווייִקייט, צעצווייִקייט פונעם דענקען. און דעריבער איז די כאַווײרים, וועלכע מיינען, אַז מע קען כּאָרעוו מאַכן די רעליגיע ניט כּאָרעוו מאַכנדיק די יעסוידעס, פון וועלכע עס וואַקסט אַרויס דער קאַפּיטאַליזם, זאָל זיין אַפילע דער קאַפּיטאַליזם פונעם קליין־פּראָדוצירער, — אָט די כאַווײרים פאַרשטייען ניט דעם אינהאַלט פון די סאָציאַלע וואָרצלען פון דער רעליגיע כאָטש זיי ריידן וועגן דעם זייער פיל.

איך ווענד אייער אופמערקזאַמקייט דערויף, אַז די פּאַרטיי רעדט וועגן דער אָפּשטאַרבונג פון די רעליגיעזע אַבערגלויבענישן: „די פּאַרטיי שטרעבט צו דער פולער פאַרניכטונג פונעם בונד צווישן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, מיטהעלפנדיק דער פּראַקטישער באַפרייונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון

די רעליגיעזע אבערגלויבענישן און אָרגאַניזירנדיק די סאַמע ברייטע וויסנשאַפטלעך-אויפקלערערישע און אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע“ (פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, פּאַראַגראַף 13).

מיר דאַכט, אַז דאָ איז שוין אַלץ געזאָגט: וויאַזוי מע דאַרף פירן די אַרבעט און וואָס פאַר אַן אינהאַלט זי דאַרף האָבן. דער אינהאַלט דאַרף זיין אַ וויסנשאַפטלעך-אויפקלערערישער און אַן אַנטירעליגיעזער, — איינער מיטן אַנדערן דאַרפן זיין פאַרבונדן. די וויסנשאַפטלעכע און די אויפקלערערישע אַרבעט איז ניט אָפּגעריסן פון דער אַלגעמיינער אויפגאַבע פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. און ווען דער כ׳ גאַלאַקטיאָנאָוו און אַנדערע פּרוּוון אונדז איינשמועסן, אַז די גאַנצע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע קען באַשטיין בלויז אינעם קריטיקירן די קלאַסן-וואָרצלען פון דער רעליגיע, איז עס פּונקט דער היפּעך פון אונדזער פּראָגראַם און אויך פון די באַשלוסן פונעם XIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט געזאָגט, אַז „די אַנטירעליגיעזע אַרבעט אין דאָרף דאַרף טראָגן דעם כאַראַקטער אויסשליסלעך פון דערקלערן אַף אַ מאַטעריאַליסטישן אויפן די דערשיינונגען פון דער נאַטור און פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן“. הייסט עס, אַז עס איז נייטיק ניט נאָר קלאָר צו מאַכן די סאָציאַלע וואָרצלען פון רעליגיע, נאָר אויך אַף אַ מאַטעריאַליסטישן אויפן דערקלערן די דערשיינונגען פון דער נאַטור. ווייטער ווערט אין דער רעזאָליוציע (פון XIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר) אויסגערעכנט: „דערקלערן פונוואַנען נעמט זיך דער האָגל“. צי קען מען דערקלערן פונוואַנען נעמט זיך אַ האָגל פונעם קלאַסן-שטאַנדפּונקט? איך מיין, אַז ס׳איז שווערלעך. יעדנפאַלס, די „סאָציאַלע וואָרצלען“ פונעם האָגל קען מען בעשומויפן ניט געפינען. אָדער, לעמאָשל, פונוואַנען נעמט זיך רעגן, טריקעניש, שטורם, די דערשיינונג פון פעלד-שעדיקער, די אייגנשאַפטן פונעם

באַדן א. אַז. וו. „דאָס זייגען די בעסטע אויפּאַנים פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע". ווען דער XIV פּאַרטיי=צוזאַמענפאָר וואָלט געזאָגט, אַז דאָס דאַרף מען אָפּשאַפן, אַז מע דאַרף דאָ אַריינטראָגן ערנסטע ענדערונגען, וואָלטן מיר דאַן געזאָגט: נו, איז וואָס=זשע, מיר האָבן ביז איצט געפירט אונדזער אַרבעט ניט ריכטיק, דאַרף מען זיך איצט נעמען אָפּזוכן די סאָציאַלע וואָרצלען פונעם האָגל, רעגן און טריקעניש...

אָט אַזוי האַלט עס מיט דער פראַגע וועגן אינהאַלט פון אונדזער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אַף דערדאָזיקער פראַגע גיט די פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי אַ פולקאָם פינקטלעכן ענטפער. פאַראַן צוויי זייטן פון דער אַרבעט: די וויסנשאַפטלעך=אויפקלערערישע און די קריטיק פון די קלאַסן=וואָרצלען פון רעליגיע. דידאָזיקע צוויי זייטן פון דער אַרבעט קען מען ניט פאַנאַנדערטיילן און זיי דאַרפן זיין פאַרבונדן צווישן זיך. אַנטשפּרעכיק דעם אינהאַלט, דאַרפן אויך געבויט ווערן אונדזערע מעטאָדן, זיי דאַרפן ניט זיין אָפּגעריסן פונעם גרונט=אינהאַלט.

## די אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן פרויען

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מיר זאָלן צו דערדאָזיקער פראַגע צוגיין קאָנקרעט, וועלן זיך פאַר אונדז שטעלן אַ גאַנצע ריי פּראַקטישע פראַגן. מע האָט מיר, לעמאָשל, אויפגעוואָרפן, אַלעמיי איך האָב זיך ווייניק אָפּגעשטעלט אַף דער פראַגע וועגן דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט צווישן פרויען. איך פיל אַליין, אַז איך האָב וועגן דעם ווייניק גערעדט. איך האַלט, אַז מיר דאַרפן בעעמעס אַף דער פראַגע באַזונדערס פאַרטראַכטן זיך. מיר דערשאַצן ניט, וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע באַדייטונג עס האָט די פרוי אין די הענט פון די קלעריקאַלן. די באַזונדערע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער פרוי, איר יאָך פונעם סאָציאַלן דרוק, פונעם דרוק פון די סאָציאַלע באַציונגען בילדן בא איר אוים קרענקלעכע שטימונגען פון אומ=

באַהאָלפנקייט. און דאָ קומען די קלייקווידעש און זאָגן איר, אַז דער גאַנצער אומגליק ליגט אין אָדאָם=האָרישווינס כעט, אַז זי דאַרף געדולדיק ליידן, קעדיי צו פאַרקלענערן כאַוועס זינד א. א. וו. גוט, ווען די פרוי שטייט אַף אַזאַ הויכן גראַד, אַז זי קען אָפּגענטפערן אַזאַ מין שאַרלאַטאַן. ווי איז אָבער, ווען זי קען דאָס ניט, ווי איז אָבער, אַז זי איז פון קינדווייז אָן דערצויגן אַזוי, אַז זי גלויבט, אַז זי איז פרום? דאָס דאַרף מען האָבן אינזינען, און דאָ קען אונדז די פּאַרטיפּערטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע געבן אַ שטאַרקן, פעסטן אַקטיוו. ערגעץ=ווו האָבן מיר ספּעציעלע קעמערלעך פון פרויען=אַפּיקאָרסים. אין יעדער ריי פירט זיך אַ רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. אָט האָט מען, לעמאָשל, אַף אָכאָטני=ריאַד אַראָפּגענומען דעם קלויסטער פון פּאַראַסקעיעוואַ=פּיאַטניצאַ און אין ריי שטייט זיך אַ מין פּאַרשוין פון די געוועזענע און צעפּלאַפּלט זיך: „אָט, מאַמעלעך, אַלע נאַכט, פּונקט 12 אַזייגער, הויבט זי זיך דאָס אוף פון דער ערד אינגאַנצן אַ באַלויכטענע, און מיט בלוט אַ באַגאָסענע". דאָס רעדט זיך וועגן פּאַראַסקעוואַ=פּיאַטניצאַ און אַלע שטייען און הערן און קיינער לאַכט ניט אויס די פּלאַפּלערקע. ווען דאָ וואָלטן געווען אַ 2—3 אַקטיווע אַפּיקוירעסטעס, וואָלטן זיי דאָס דערלאַנגט דעם דערציילער! אין אָט דער ריכטונג דאַרף מען אַרבעטן.

אָט קלאָגט זיך פאַר מיר אַ פרוי: „איך בין געווען אַ פרומע. נאָר שוין 7 יאָר, אַז איך האָב פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם שקלאַפישן יאָך, איך בין איינע פון די ערשטע פרויען, וואָס זיינען אַריינגעטראָטן אין אַפּיקאָרסים=פאַרבאַנד. נאָר פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע פאַרפאָלגט מיך אַ קאָמיוגיסט און טראַכט אַף מיר אויס פאַרשיידענע מיעסקייטן, אַז איך האָב קלוימערשט געהאַנדלט מיט „הייליקע" ליכט, מיט פּראָספאָרן". אָט ווי מיר קענען צוגיין צו דער פרוי! לאָמיר זאָגן, אַז זי איז אַפּילע געווען אַ גאַלעכטע, אָבער איצט איז זי דאָך אַן אַפּיקוי=

רעסטע, איז פאַרוואָס־זשע זאָל מען קעגן איר העצן? איז דאָס גוט, צי שלעכט, אַז אַ מענטש, וואָס איז ביז איצט געווען אונדז פרעמד קומט און וויל אונדז העלפן און מיר ענטפערן אים: „קריך ניט אַהער, דאָ זיינען מענטשן קאָשערע, ריינע“ א. ד. גל.? וואָס איז עס פאַר אַ מין אַטעיסטישער אַריסטאָקראַטיזם? פאַרשטייט זיך, אַז מיר דאַרפן גוט אַכטונג געבן, אַז דאָס אַפּיקאָרסעס זאָל ניט פאַרמיסטיקט ווערן מיט אַ פרעמדער אידעאָלאָגיע, מיט פאַרשיידענע אידעאַליסטישע שמאָכטעס א. ד. גל., נאָר פאַרוואָס זאָל מען אָפּשטויסן אַ מענטשן בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַמאָל געווען פרום און האָט געגלויבט? — דאָס איז פאַלש און ניט ריכטיק.

אָט זיצט איצט קעגן מיר אַ דעלעגאַט, וועלכער איז אין 1922 אין אָמסק אַרויסגעטראָטן קעגן מיר אַלס סעקטאַנט און איצט איז ער אַפן צוזאַמענפאָר אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פונעם אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד. ער האָט אייך אַפילע היינט באַגריסט פון דערדאָזיקער טריבונע. קיין שום שלעכטס איז אין אים נישטאָ.

מיר נוצן ניט אויס יענע אויפאַנים פון אַנטירעליגיעזער פראָפּאַגאַנדע, וועלכע זיינען פאַר אונדז אַ כויוו, איבערהויפּט, די א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע  א ו פ ו ו י ר ק ו נ ג. פאַרוואָס קענען די קליי־קוידעש גיין פון הויז צו הויז, אופווירקן, פירן שמועסן און מיר קענען עס ניט? מע דאַרף זיך דערשלאָגן דאָס אייגנס, מע דאַרף קעמפן פאַר אַ מענטשן, פאַר אַן אַרבעטער, וועלכער געפינט זיך אין די נעצן פונעם קלעריקאַליזם, און מיר קעמפן ניט, מיר וואַרטן ביז דער מענטש וועט קומען צו אונדז. מיר דאַרפן אַליין גיין צו אים. אָט גייען דאָך די באַפּטיסטן אַף דער פאַבריק „קראַסנאַיאַ ראָזאַ“, זיי גייען אַרום איבער אַלע פאַבריקן און פירן זייער אַגיטאַציע. פאַרוואָס זאָלן אונדזערע אַפּיקאָרסים ניט גיין איבער די צוזאַמענוווינונגען, אַף דער אַרבעט — אומעטום? מע דאַרף אַקטיוויזירן אַלע מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. איבער יעדער פראַגע, ווו נאָר עס זעט זיך אַרויס דעם גאַלעכס צייכעם, דעם ראָווס

יארמלקע און דעם מולעם מיצל, — דארטן דארף מען דערלאנגען קלעפּ.

מיר האָבן ניט ווייניק פּרויען, וואָס געפינען זיך אין געפאנגענשאפט בא די קלייקווידעש. פאַרשטייט זיך, אַז בענעגייע די פּרויען דאַרף מען זיין זייער טאַקטיש. איך וועל אייך דורכלייענען אַ קליינעם אויסצוג פון לעניגעס גראַד וועגן דערדאָזיקער פראַגע: „קעמפן מיט די רעליגיעזע אַבערגלויבענישן פון די פּרויען קומט אויס אויסערגעוויינלעך פאָרזיכטיק" — האָט לענין געזאָגט אויף דער ערשטער פּרויען באַראַטונג. „*גיט ריכטיק טוען יענע, וועלכע טראָגן אַריין אין אַזאַ מין קאַמף שאַרפקייט.* מיר ווייסן, אַז אויב דערדאָזיקער קאַמף וועט באַליידיקן די רעליגיעזע געפילן, וועט ער נאָר אופרעגן די מאַסן. אונדזער קראַפט — אין די אייגהייטלעכקייט אינעם קאַמף. נאָר אַ לאַנגזאַמע און געדולדיקע אויפווירקונג קען ברענגען פּרוכט". וואָס=זשע זאָלן מיר טאָן, ווען עס קומען צו אונדז מענטשן און זאָגן: איר זייט שולדיק אין דעם, וואָס איר גייט צו לאַנגזאַם, צו געדולדיק, מע דאַרף אַזוי אָנגרייפן, אַז אַלץ אַרום זאָל קראַכן. און מיר זאָגן: וואַרט, ניט אייל זיך, קוק זיך פריִער צו ווען דו ווילסט אָנגרייפן, מיט וועמען דו ווילסט זיך שלאָגן, וואָס פאַר אַן אַנטוויקלונג האָט ער, וויאַזוי אין בעסער צו אים צוצוגיין א. א. וו.

ווען איך האָב געזאָגט אין מיין רעדע, אַז די אומקולטורעלקייט שטערט אַסאַך מענטשן צו באַפרייען זיך פון די רעליגיעזע אַבערגלויבענישן, האָט מיך די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" גענומען אין דער אַרבעט. טאָ זאָלן זיי נעמען אין דער אַרבעט לענינען. לענין האָט דאָך געזאָגט, אַז דער „*סאַמע טיפער קוואַל פון רעליגיעזע אַבערגלויבענישן — איז די אָרעמקייט און ענגשאַפט*", ד. ה. די אומקולטורעלקייט און מיר ווילן זיך מיט דעם ניט רעכענען, מיר מיינען, אַז שטענדיק און אין יעדן פאַל קען מען האַלטן אין איין כאַזערן: די קלאַסן=וואָרצלען פון רעליגיע, די קלאַסן=וואָרצלען פון רעליגיע —



2474—6*

און פּאַרטיק, פּאָטער. ניין, פון אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע וועט גאָרנישט אַרויסקומען, מע וועט אייך אויסהערן ווי דאָס צימבלען פון אַ באַלאַלייקע, — און פון אַ שלעכטע באַלאַלייקע דערצו.

לעניז דערקלערט פּאַרוואָס: „די פרוי איז אונטערדריקט פון איר היימישער ווירטשאַפט און פון דערדאָזיקער אונטערדריקטער לאַגע וועט איר קיין שום דעמאָקראַטיע ניט אַרויסראַטעווען. דאָס קען טאָן נאָר דער סאָציאַליזם. די פרוי וועט באַפרייט ווערן נאָר דאַן, ווען עס וועט זיך איינגעבן צו אַריבערגיין פון קליין־ווירטשאַפטן צו אַן אַלגעמיינער ווירטשאַפט. נאָר דאַן קען מען דערוואַרטן די פולע באַפרייונג פון דער פרוי“. אָט ווי לעניז האָט געקוקט אַף אונדזער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פרויען. די וואָרצלען פון פרומקייט בײַ דער פרוי ליגט זייער אָפט אין דער אָרעמקייט און פינצטערניש. דער צוגאַנג צו דער פרוי, און איבערהויפּט פון דער מאַסע, דאַרף זיין אַ פּאָרזיכטיקער, געדולדיקער און באַטראַכטער. וועגן דעם דאַרף מען באַזונדערס ריידן דערפון, ווייל בײַ אונדז פאַרשטייט מען עס ניט און אַף דעם באָדן פּאַסירן אַזעלכע מאַיסים, ווי, לאָמיר זאָגן, אין דאַגעסטאַן, ווו אַ מולא האָט געקענט צונויפרופן אַן אונטער־ערדישע קאָנפערענץ פון פרויען. אויב מיר וועלן דאָס ניט באַנעמען, וועלן מיר אָנמאַכן אַ באַרג פעלערן און נאָכמער דערפון, וואָס די פרוי, איבערהויפּט די מיזרעד־פרוי, איז די ערשטע אין דער באַפרייונג־באַוועגונג און זי כאַפּט דעם ערשטן קלאַפּ. איר ווייסט וויפל פרויען זיינען אומגעקומען? אַרום 200 פרויען־אוזבעטשקעס זיינען אומגעקומען אַפן פראָנט פון קאַמף דערפאַר, אַז זיי זאָלן מעגן אָפדעקן זייער פּאָנעם. ווען די באַנדעס פון באַסמאַטשעס האָבן פאַרנומען אַ וועלכן ס'איז אָרט פון אונדזער טעריטאָריע, האָבן זיי פריער פון אַלץ געהאַנגען פרויען.

די לאַגע פון דער פרוי איז זייער אַ שווערע. דעריבער דאַרף מען איר קומען צו הילף, אָרגאַניזירן און זאַכלעך אַוועקשטעלן די פּראָפּאַגאַנדע, נעמען אין אַכט איר גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן, איר

פּסיכיק. צו דער פּרוו דאַרף מען צוגיין אופּמערקזאַמער. אין דעם פּראַט דאַרף מען אויסנוצן די דעלעגאַטקעס־פּאַרזאַמלונגען. דער פּרוויען־אָפּטייל מוט עפּעס גאָרניט אין דעם, די דעלעגאַטקעס־פּאַרזאַמלונגען ווערן ניט אויסגענוצט. אומזיסט מיינט מען, אַז מע טאָר דאָרט ניט לייענען קיין גוטע לעקציעס, אַז דאָס וועט אָפּשרעקן די פרויען, אַדראַבע, דאָס וועט זיי צוציען.

איצט, מיקויעך אַנדערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. לאָמיר נעמען די פּראָפּאַרייען. איך וויל ענטפערן דעם פאָרשטייער פון וצספ"ס, וועלכער האָט געזאָגט, אַז די פּראָפּאָרגאַניזאַציעס האָבן ביז איצט ניט באַקומען קיין שום הילף פונעם אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד. דאָס הייסט מאַקע בעעמעס אַרופוואַרפן די אייגענע שולד אַף יענעמס קאָפּ. קומט גאָר אויס, אַ ז מ י ר ווילן ניט אַריינטרעטן מיט די פּראָפּאַרייען אין אַ קאָנטאַקט, מ י ר האָבן מוירע... איז וואָס הערט זיך מיקויעך אַזעלכע פאַלן, ווען מע הייסט אונדז אַריבערפירן דאָס אַפּיקאָרסים־ווינקל פונעם אַרבעטער־קלוב ערגעץ אין אַן אַנדער געביידע? דער פּראָפּאַריין — איז אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע און די אַפּיקאָרסים־פּאַרבאַנדן זיינען אַף די ערטער אָפט גאַנץ שוואַך.

## וועגן אַדמיניסטראַטיווע מיטלען

צי זאָגן מיר זיך אָפּ צו ווירקן מיט אַדמיניסטראַטיווע מיטלען אַף די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, וואָס דעקן זיך צו מיט אַ רעליגיעזער מאַסקע? ניין, פאַרשטייט זיך. אויב איר ווילט איז, אַדראַבע, מע וואַרפט גאָר אויף אונדזער אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד, אַז מיר גיבן זיך צופיל אָפּ מיט דעם. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איצט, ווען מיר האָבן אַזעלכע פאַלן, ווי דאָס דערהאַרגענען אַפּיקאָרסים, ווען מיר האָבן טעראָריסטישע אַקטן מיצאַד די קלייקוידעש, זיינען אַזעלכע באַשולדיקונגען ניט ריכטיק. און אויב דער געריכט זאָל אַרויסווייזן אַ וועלכע ניט איז שוואַכקייט אין באַ־

שטראָפֿן די פּראָמאַקעס, וועט דאָס זיין ניט ריכטיק. נאָר ווען מע זאָגט אונדז: וואַרט ניט ביז די מאַסן וועלן אייך שטויסן, נעמט און פֿאַרווערט גלייך דעם גלעקער־געקלאַנג פֿון דער קירכע, ענטפֿערן מיר, אַז דאָס טאָר מען ניט טאָן פֿון דער העלער הויט. די כאַווײרים פֿאַרשטייען ניט, אַז עס דאַרף זיין אַ פֿאָרזיכטיקע טאַקטיק, און זיי נעמען דאָס אָן פֿאַר אַ שוואַכקייט פֿון אונדזער זייט. ס'איז אָבער ניט קיין שוואַכקייט, דאָס הייסט נאָר ניכטער אויסרעכענען די לאַגע. מיר הויבן אָן דעם שלאַכט אין אַזאַ מאָמענט און אין אַזאַ לאַגע, ווען דאָס לוינט אונדז און ניט ווען דאָס לוינט אונדזער קעגנער.

יעדע אַדמיניסטראַטיווע ווירקונג פֿאָדערט אַ פֿריערדיקע קאָלאָסאַלע אויפֿקלער־אַרבעט, אָן וועלכע די סאַמע ריכטיקסטע אַדמיניסטראַטיווע ווירקונג וועט זיין ניט ריכטיק.

איך גיי איבער צו די, אַזוי צו זאָגן, רעכטלעכע פֿראַגן. איך שטרייך אונטער, אַז דער אַפּיקאָרסים־פֿאַרבאַנד איז איין זאַך, און אַ סאָוועטישער אַפּאַראַט — איז אַ צווייטע זאַך. מיר זיינען אַ פּריוואַטע אָרגאַניזאַציע, אַ פֿרייוויליקע געזעלשאַפֿט. מיר קענען, פֿאַרשטייט זיך, נעמען אַמאָל אַ שאַרפֿערע ליניע, נאָר דאַן קלאָגט מען זיך פֿאַר סמידאָוויטשן און אין ווצי״ק. דאָס איבערבויגן דעם שטעקן שטערט אין אַ געוויסער מאָס דעם דורכפֿירן די אַדמיניסטראַטיווע מיטלען. מיר וואָלטן עפּשער פֿאַרמאַכט מער טעמפּלען, ווען מע וואָלט דעם שטעקן ניט איבערגעבויגן.

דאָסזעלבע דאַרף מען זאָגן בענעגייע דער שטעלונג, וועגן וועלכער ס'האָבן גערעדט דער כאַווער פֿון „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ און גאַלאַקטיאָנאָוו. זיי קריטיקירן אונדזער פּאָליטיק. בײַ אייניקע אָרגאַניזאַציעס און כאַווײרים קענען זיין אָפּנויגן אַף רעכטס. עס קען זיין אַ טאָלעראַנטע באַציִונג, לאָמיר זאָגן, צום פֿאַרקויפֿן די רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע שפּייז אין קאָאָפּעראַטיוו א. א. וו. נאָר ווען דער לינקער געזונטער געדאַנק שטעלט זיך אַף אַ פֿאַרקריפּלטן

שטאַנדפּונקט, דאַן ווערט שווערער דער קאַמף מיט די רעכטע שטי־
מונגען, דאַן בויגט מען אַף די ערטער אַזוי איבער דעם שטעקן,
אַז עס קומט דערנאָך אויס מיט שוועריקייטן אָפּבויגן צוריק, דאַן
קומט אָן שווער צו פאַרמאַכן געבעט־הייזער אַפילו דאָרט, ווו מע
וואָלט עס באַ אַנדערע באַדינגונגען יאָ געקאָנט טאָן.

איצט וועל איך ענטפערן אַף פאַרשיידענע פראַגן. „אין קיעווער קריין האָבן קלייקווידעש געלערנט אין די שולן מיט די קינדער פאַלים־איווריע". קלאָר, אַז מיר דאַרפן דאָ אָפּן זאָגן און מע דאַרף עס אויך אין דער רעזאָליוציע באַמערקן, אַז די קלייקווידעש דאַרף מען האַלטן וואָס ווייטער פון דער פעדאַגאָגישער טעטיקייט.

„פאַרוואָס טראַנספּאָרטירן און האַנדלען מיט איקאָנעס אַפילו מעלוכע־טרעסטן?" די טרעסטן האַנדלען באַ אונדז ניט מיט איקאָנעס, נאָר עס זיינען פאַראַן פּריוואַטע קוסטאַרע אַרטעלן. איך ווייס ניט, צי קען מען זיי פאַרווערן צו האַנדלען מיט איקאָנעס. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטער איניען. באַ אונדז אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די קוסטאַרע אַרטעלן פון וולאַדימירער גובערניע, וועלכע האָט זיך פריער פאַרנומען אויסשליסלעך מיט פּראָדוצירן איקאָנעס. דאָס איז אַ גרויסער געווערב, אין איר זיינען פאַרנומען טויזנטער מענטשן. מיר האָבן נאָך ניט אָרגאַניזירט אַזעלכע אַרטעלן, ווו מיר זאָלן קענען באַשעפטיקן די מענטשן, וועלכע זיינען איצט פאַרנומען מיט פּראָדוצירן איקאָנעס. אויב מיר זאָלן איצט פאַרווערן צו מאַכן איקאָנעס וועלן אַסאַך מענטשן מוזן ליידן הונגער.

קלאָר, אַז מיר דאַרפן אָרגאַניזירן אַנדערע קוסטאַר־געווערבן און אַרויסשטויסן דידאַזיקע „פּראָדוקציע".

באַ מיר געפינט זיך אַ פראַגע וועגן אופהערן געבן עלעקטרישע ענערגיע באַ די קלייקווידעש. אויב מע זאָל באַ זיי אָפּנעמען די עלעקטריע, פאַרוואָס־זשע זאָל מען באַ זיי ניט אָפּנעמען אויך דאָס וואַסער? דאָס וואָלט געווען לאָגיש. פאַרוואָס זאָלן מיר ניט צע־

טרייבן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און פאַרווערן דאַווגען? פאַ־ראַן אַזעלכע, וואָס פּרובירן טאַקע אַרויספאָרן מיט אַזאַ „לינקער“ ליניע. אַזאַ ליניע איז אָבער שעדלעך און פאַלש.

מיר וועלן אַף אַזאַ וועג ניט גיין, מע טאָר ניט דערגיין ביז אַזאַ אַבסורד, ווי אָפּנעמען פייער און וואַסער. נאָר דאָרט, וווּ עס קלעקט ניט קיין עלעקטרישע קראַפט פאַר די אַרבעטער, דאַרף מען זי ניט געבן פאַר די געבעט־הייזער. עס איז דאָך קלאָר, אַז די אינטערעסן פון די אַרבעטער שטייען אַפן ערשטן פּלאַן.

וועגן „הויפט־ווייסנשאַפט“. מע זאָגט: „איר זייט ניט גערעכט, אַז די „הויפטווייסנשאַפט“ העלפט אונדז ווייניק. זי האָט פאַר־אַיאָרן, זאָל איר נאָך געבן געזונט, פאַריכט קירכלעכע קופּאָלן, און די פּרומאַקעס וועלן איר דערפאַר ניט שילטן“. מע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין ניזשני־נאָווגאָראָד האָט געטראָפן אַזאַ פאַל: מע האָט געוואָלט פאַרמאַכן אַ קלויסטער, אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן מאַסקים געווען, נאָר די הויפטווייסנשאַפט האָט געזאָגט, אַז דאָרט געפינט זיך עפּעס אַ קרענצל, זייער אַ וויכטיקס פאַר דער חיסנשאַפט, ווייל עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עפּאָכע פון געם האַנדלס־קאַפּיטאַל, און דעריבער טאָר מען דעם קלויסטער ניט פאַרמאַכן. נו, איך וואָלט פאָרגעלייגט, אַז מע זאָל דאָס קרענצל אַוועקשענקען דער הויפטווייסנשאַפט, און דעם קלויסטער אויסנוצן פאַר קולטור־צוועקן.

„צי איז דערלאָזבאַר, ווען דער גאַלעך לאָזט איבער די קינדער אין קלויסטער נאָכן דאַווגען און פירט מיט זיי דערנאָך שמועסן?“ געווייס, ניט דערלאָזבאַר און אומגעזעצלעך.

דער ווייטערדיקער צעטל איז אַזאַ: „די געביידע פונעם טעמפּל איז דאָך אַ מעלוכישער פאַרמעגן, פאַרוואָס־זשע גיט מען זי אָפּ די גלויביקע?“ דער טעמפּל ווערט אויסגעהאַלטן פון די גלויביקע. איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען די גלויביקע אַרענדירן אים ניט, קען מען די געביידע איבערגעבן ווען ס'איז אַנדערש, ווען מע וויל.

מע פרעגט: „צי קען מען ניט אַף אונדזער צווייטן צוזאַמענפאָר איינשטעלן די צייט=רעכענונג ניט פון קריסטוסעס געבורט, נאָר פון דער אָקטיאַבער=רעוואָלוציע?“.

אַף דער פראַגע האָב איך שוין געענטפערט. אויב מיר וועלן היינט אַרויסלאָזן דעם באַריכט פונעם צוזאַמענפאָר און וועלן אָפּדרוקן: אַרויסגעלאָזן אינעם 13=טן יאָר פון דער אָקטיאַבער=רעוואָלוציע, וועט דאָרט ווו ניט איז פאָרט שטיין „1929 יאָר“. ס'איז צו גלויבן, אַז דער „גלאַווליט“ וועט עס אַוועקשטעלן. מיר קענען דאָס טאָן, קיינער וועט אונדז ניט פאַרווערן און ניט שטערן צו טאָן דאָס אין אונדזערע אַנטירעליגיעזע אויסגאַבן, נאָר איך מיין, אַז איר זעלבסט וועט אַמאָל פילן אַ געוויסע ניטבאַקוועמלעכקייט בײַ אַ וועלכער ס'איז ספּראַווקע. יעדנפאַלס, איז עס ניט אַזאַ פראַגע, וועגן וועלכער מיר דאַרפן זיך שפּאַרן. מיר קענען עס טאָן. מיר קענען זיין די ערשטע אַף דעם פראָנט. נאָר אַף וויפל דאָס וועט האָבן דערפאָלג — איז נאָך דערווייל אַ פראַגע.

ווייטער פרעגט מען אין אַ צעטעלע: „צי האַלטן מיר פאַר נאָרמאַל דאָס, וואָס די קלייקווידעס און סעקטאַנטן אָרדענען בײַ זיך איין לעקציעס און פאָרטראָגן און אונדזערע פראָפּאַגאַנדיסטן קענען דאָרט ניט אַרויסטרעטן?“ דער מעכאַבער פון דעם צעטעלע האַלט, אַז מיר דאַרפן דאָרטן יאָ אַרויסטרעטן און ער לייגט פאָר אָלס מאַסאָווע פאָרם פון אַגיטאַציע צו געבן אַהין אַ פרייען צוטריט פאַר קוואַליפיצירטע אַפּיקאָרסים.

מיר קענען דאָס ניט טאָן. ווען די קלייקווידעס וואָלטן אַהער געקומען, וואָלטן מיר זיי קיין וואָרט ניט געגעבן, ווייל זיי זיינען גלוּביקע, אין פאַרוואָס=זשע ווילט איר, אַז זיי זאָלן אייך יאָ געבן אַ וואָרט? וועלן זיי געבן — איז גוט, אויב ניט — קענען מיר זיי ניט צווינגען. סאָפּקאָלסאָף באַשטייט דאָך די פראַגע אין דעם — צי דערלאָזן מיר די עקזיסטענץ פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, צי ניט? אויב מיר דערלאָזן ניט, קענען מיר טאָן אַלץ, וואָס מיר ווילן,

אויב אָבער מיר דערלאָזן יאָ, טאָר מען ניט פאָדערן קיין פרייען צוטריט אַהין פאַר אונדזערע אַגיטאַטאָרן.

„צי האָט רעכט דער גאַלעך צו אַריינגיין מיט די יאָנטעוודיקע טפילעס צו יעדערן אין שטוב, זאָל ער גיין צו די, וואָס לאָדן אים איין דורך אַ צעטל". מיר קענען ניט, כאַווערים, צושטעלן צום גאַלעך אַ מיליציאָנער. דאָס איז אייער זאַך — איר ווילט אים ניט האָבן, לאָזט אים ניט אַריין.

## פאַר אַן איינהייטלעכער ליניע

כאַווערים, מיר דאַרפן האָבן אין זינען, אַז עס זיינען בעעמעס פאַראַן אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס קענען איצט שטערן אונדזער אַר־בעט. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן די מאַיסים פון די אָדער יענע קליי־קוידעש, פון דער אָדער יענער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע. דאָס סאַמע געפערלעכסטע איז דאָס, אויב אין אונדזער אייגענער סוויווע וועט ניט זיין קיין איינהייטלעכקייט אין די פראַגן, וויאַזוי צו פירן די אַרבעט, אויב אויך אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט וועלן זיין רעכטע, לינקע און טאָלעראַנטלער.

אַזוי ווי קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן האָבן זיך בא אונדז דאָ ניט אַרויסגעוויזן, וואָלט איך וועלן אַרויסזאָגן זיך אַביסל מער וועגן דער פּאָזיציע פונעם קאָמיוג אין אונדזער אַרבעט.

אין וואָס באַשטייען אונדזערע מיינונג־פאַרשיידנהייטן, סיי די ווירקלעכע און סיי די אויסגעזויגענע פון פינגער און מיט וועמען האָבן מיר זיי?

קוידעמקאָל, דאַרף איך באַמערקן, אַז דער צ"ק פון קאָמיוג האָט אונטערגעשטרייכט, אַז ער פירט דורך די ליניע פון דער פּאַר־טיי, און אַזוי ווי מיר פירן דאָך אויך דורך די ליניע פון דער פּאַרטיי — אונדזערע מעזיסן זייגען דאָך באַשטעטיקט דורך דער פּאַרטיי־באַראַטונג—הייסט עס, אַז מיר פירן דורך אַיין ליניע. הייסט עס, אַז אויב מיר האָבן יאָ מיינונגס־פאַרשיידנהייטן,

איז עס אַפּילע ניט מיט דער „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַווּדא“, נאָר בלויז מיט איינ יקע מיטאַרבעטער אירע.

אַ געוויסער געזונטער קערן איז יאָ דאָ אין די אַרטיקלען פון די כאַווירים אין „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַווּדא“, נאָר אומזיסט מיינען זיי, אַז זיי האָבן אַנטדעקט אַמעריקע. אויב זיי זאָגן, אַז מע דאַרף פירן אַ קלאַסנקאַמף אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט, איז דאָך דאָס פונקט דאָס, וואָס מיר פירן דורך. די באַשולדיקונגען, וואָס זיי רוקן קעגן אונדז אַרויס, זיינען, לויט מיין מיינונג, פּאָשעט אויסגעזויגענע פון פינגער.

אין וואָס באַשולדיקן זיי אונדז? אין דעם, אַז מיר ווילן באַנייען די רעליגיע. דיזאָזיקע באַשולדיקונג, גלויב איך, וועט שוין איצט קיינער ניט איבערכאַזערן, קיינער וועט שוין ניט זאָגן, אַז מיר זיינען טאָלעראַנטלער, אַז מיר זיינען רעכטע, אַז מיר לייגן פאָר אָפּצוזאָגן זיך פון דער קלאַסן־קריטיק פון רעליגיע.

די פראַגע איז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס וועגן טאַקטיק.

דערלויבט מיר, כאַווירים, אָפּשטעלן זיך אַף די געדאַנקען פון ענגעלסן און מאַרקסן וועגן דערזעלבער פראַגע. אָט וואָס לענין האָט געשריבן וועגן טאַקטיק פון אַנטירעליגיעזן קאַמף:

„אין 1874 יאָר, ריידנדיק וועגן באַרימטן מאַניפעסט פון די דעזערטירן פון דער קאָמונע — די בלאַנקיסטן, וועלכע האָבן געוווינט אַלס עמיגראַנטן אין לאָנדאָן, האָט ענגעלס געהאַלטן פאַר אַ נאַרעשקייט זייער טומלדיקע מילכאָמע־דערקלערונג דער רעליגיע, אָנווייזנדיק, אַז אַזאַ מין מילכאָמע־דערקלערונג דער רעליגיע איז דער בעסטער מיטל אופצולעבן דעם אינטערעס צו רעליגיע און אַזוי אַרום פאַרשווערן איר ווירקלעכן אָפּשטאַרבן. ענגעלס באַשולדיקט די בלאַנקיסטן אין ניט פאַרשטיין, אַז בלויז דער קלאַסנקאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן, בלויז דאָס אַלזייטיקע צוציִען די סאַמע ברייטע שיכטן פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער באַוווסטזיניקער רעוואָליוציאָנערער געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק, וועט זיין בעקויער בעמעם צו באַפרייען די אונטערדריקטע מאַסן פונעם

רעליגיעזן דרוק, און אַז די דערקלערונג פֿאַר אַ פּאָליטישער אויפֿגאַבע פֿון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צו פֿירן אַ מילכאָמע מיט דער רעליגיע, איז בלויז אַן אַנאַרכיסטישע פֿראַזע. אינעם 1877 יאָר פֿאַרורטיילט ענגעלס אין זיין בוך „אַנטי-דיורינג“ ניט ווייניקער אַנטשיידן די קלוימערשטע רעוואָליוציאָנערע אידייע דיורינגס וועגן פֿאַרווערן רעליגיע אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט“... (לענין, ב. XI, ז. 1. ט. 251). ווי איר זעט, איז שוין דעמאָלט אויך געווען עפּעס אַ גוואַלדאָווגער „אַרכירעוואָליוציאָנער“ דיורינג, וועלכער האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף פֿאַרווערן רעליגיע אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט. „ענגעלס האָט געפֿאָדערט פֿון דער אַרבעטער-פּאַרטיי צו קענען געדולדיק אַרבעטן איבער דער זאַך פֿון אָרגאַניזירן און אויפֿקלערן דעם פּראָלעטאַריאַט, איבער דער זאַך, וואָס פֿירט צו דער אָפּשטאַרבונג פֿון רעליגיע און ניט אַריינוואַרפֿן זיך אין אַן אַוואַנטיורע פֿון אַ פּאָליטישער מילכאָמע מיט דער רעליגיע“ (לענין, באַנד XI). אָט ווי לענין האָט דאָס אָפּגעשאַצט: די אָרגאַניזירונג און אויפֿקלערונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט פֿירט צו דער אָפּשטאַרבונג פֿון רעליגיע, און מע דאַרף זיך ניט וואַרפֿן אין אַן אַוואַנטיורע פֿון פּאָליטישער מילכאָמע מיט דער רעליגיע.

מיקוייעך דער שאָלעם-באַציִונג צו רעליגיע האָט איר שוין געזען, אַז קיין שום שאָלעם-באַציִונג צו רעליגיע איז בא אונדז אין דער ווירקלעכקייט ניטאָ, אָפּט איז נאָר פֿאַראַן אַ שאָלעם-באַציִונג צו די נאַרישקייטן, וואָס אייניקע כאַוויירים מאַכן אָן. ווען מיר וואָלטן זיי דערלאַנגט אַביסל שטאַרקער איבער די הענט, וואָלטן מיר ניט געהאַט אַזעלכע אומזיניקע אַרויסטרעטונגען, ווי די נעכטיקע.

ווייטער גייט די פֿראַגע וועגן קולטורטרעגעריי. דידאָזיקע פֿראַגע רעגט מיך מער פֿון אַלץ אויף. ס'איז דאָך אַ פֿולקאָם איגנאָרירן

פון דעם, וואָס לענין האָט געשריבן ניט לאַנג פאַר זיין טויט. אָט וואָס ער האָט געשריבן וועגן קאָאָפּעראַציע דעם 26-טן מיי 1923, קימאַט אַ האַלב יאָר פאַר זיין טויט, ווען ער איז שוין געווען טויטקראַנק. „בײַ באַדינגונגען פון פּאָלקאָמער קאָאָפּערירונג, וואָלטן מיר שוין מיט ביידע פיס געשטאַנען אויף אַ סאָציאַליסטישן באָדן. נאָר דערדאָזיקער באַדינג פון פּאָלקאָמער קאָאָפּערירונג פאָדערט אַזאַ קולטור-גראַד פונעם פּויערטום, אַז דידאָזיקע פּאָלקאָמע קאָאָפּערירונג איז אוממעגלעך אָן אַ גאַנצער קולטור-רעוואָלוציע“ און ווייטער: „איצט האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן, אַז דער פּשוטער וווּקס פון קאָאָפּעראַציע איז פאַר אונדז אידענטיש מיטן וווּקס פונעם סאָציאַליזם און צוזאַמען מיט דעם מוזן מיר מודה זיין די גרינטלעכע ענדערונג פון אונדזער גאַנצן שטאַנדפּונקט וועגן סאָציאַליזם. דידאָזיקע ענדערונג באַשטייט אין דעם, וואָס פריער האָבן מיר דעם צענטער פון די שוועריקייטן אַרויפגעלייגט און האָבן געדאַרפט אַרויפלייגן אויפן פּאָליטישן קאַמף, אויפן פאַרכאַפּן די מאַכט א. א. וו. איצט האָט זיך דער צענטער פון די שווערקייטן אויף אַזויפיל געביטן, אַז ער ווערט אַריבערגעטראָגן אויף דער פרידלעכער, אָרגאַניזאַציאָנעלער, קולטורעלער אַרבעט. איך בין גרייט צו זאָגן, אַז דער צענטער פון אונדזערע שווערקייטן ווערט אַריבערגעטראָגן אויף דער *קולטורטרעגערײַ*, ווען ניט די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען, ווען ניט דער כויוו צו קעמפן פאַר אונדזער פּאָזיציע אינעם צווישנפעלקערלעכן מאַסשטאַב. נאָר אויב מיר זאָלן דאָס לאָזן אָן אַ זייט און מיר זאָלן זיך באַגרענעצן בלויז מיט די אינערלעכע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן וועט בײַ אונדז דער צענטער פון די שווערקייטן באַשטיין ווירקלעך *אין קולטורטרעגערײַ*“. (לענין, באַנד XVIII, ט. 2, ז. 144—145).

אָט וואָס לענין האָט געזאָגט. קעדיי צו קומען צום סאָציאַליזם דאַרפן מיר אַלעמען קאָאָפּערירן, קעדיי אַלעמען צו קאָאָפּערירן פעלט אונדז קולטור, קולטורטרעגערײַ. די קולטורטרעגערײַ דאַרף זיין דער צענטער פון די שווערקייטן אין אונדזער אַרבעט. און

פאַר דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט דאַרף מען דען קיין קולטור=
טרעגעריי ניט האָבן? איז זי דאָרט אַן איבעריקע זאַך? צי קען מען
אַ מענטשן, וואָס קען קיין איוורע ניט, געבן איבערלייענען די ציי=
טונג „בעזבאָזשניק“? צי קען מען פּראָפּאַגאַנדירן אַ מענטשן,
וועלכער מיינט, אַז ווערעם פאַרפירן זיך פון דער לופט? צי קען אַ
מענטש וואָס מיינט, אַז דונער און רעגן שטאַמען פון דעם, וואָס
עליאָהו האַנאָווי פאָרט אַף זיין פייערדיקן רייטוואָגן אַפן הימל,
אונטערגעבן זיך דער אַנטירעליגיעזער ווירקונג? אָט די שטעלונג
איגנאָרירט מען. מע שטעלט זיך אַפן וועג פון אַנאַרכיסטישע
פראַזן, מע שטעלט עס קעגן אונדזער לענינשער מאַרקסיסטישער
ליניע, מע רוקט אונדז אונטער אַ געדאַנק, אַז מיר לייקענען קלוי=
מערשט אָפּ די נויטיקייט פון קלאַסן=קריטיק פון דער רעליגיע.
מיר האָבן טאַקע פון דערדאָזיקער קלאַסן=קריטיק אָנגעהויבן, נאָר
ווען מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אַף דער אומקולטורעלקייט פון די
מאַסן, האָבן מיר געזאָגט, אַז אַף דעם פראָנט דאַרף מען אַ ר ב ע ט ן.

מע באַשולדיקט אונדז אין דעם, אַז מיר גיבן ניט קיין קאָנקרעטן
קלאַסן=אַנאַליז. און ווו גיט דער כ' גאלאקטיאָנאָוו אין זיינע אַר=
טיקלען יאָ אַ קלאַסן=אַנאַליז? ער האָט אַפילע ניט געפּרווט טאָן,
בלויז אַלגעמיינע פראַזן — און ווייטער גאָרניש. און מיר האָבן
יאָ געגעבן אַזאַ אַנאַליז, מיר האָבן דערוויזן, מיט וועלכע שיכטן
פון דער געזעלשאַפט מיר האָבן צו טאָן, וויאַזוי אין אַ רעליגיעזער
סוויווע ווערן איבערגעבראַכן דידאָזיקע פאַרהעלטענישן; זיי זאָגן,
אַז מע דאַרף צעשטערן די רעליגיע און וואָס טוען מיר — טוען
מיר דען עפּעס אַנדערש? ווי שעמט איר זיך ניט אַזוי צו שרייבן?
אַ צונג האָט קיין ביינער ניט און פּאַפּיר פאַרטראָגט אַלץ.

איידער איך ענדיק, וויל איך איבערלייענען אַ בריוו פון קאַטוי=
לישן פּאַפּסט.

דער עלעקטראָפיזישער אינסטיטוט פונעם אַקאַדעמיק יאָפע
האָט באַקומען פון וואַטיקאַן, פון דער אַלהייליקער וויסנשאַפט=
אַקאַדעמיע אַזאַ מין טעלעגראַמע: „די אַלהייליקע וויסנשאַפט=אַקאַ=

דעמיע האָט באַשטימט לעקאָוועד דעם יובילײ פון פּאַפּסט פּיוס דעם XI־טן אַ פּרעמיע פון 10 טויזנט ליר פאַר דער סאַמע בעסטער קריטישער אַרבעט איבער דער טעאָריע פון קוואַנטן אין פיזיק, וועלכע זאָל אַנטהאַלטן די אָנווײַזונג אַפן געטלעכן אינהאַלט פון קוואַנטן, וועגן וואָס מיר בעטן אײַך געבן צו וויסן די הערן פּראָפעסאָרן, מאַגיסטראַנטן, דאָצענטן, אַספּיראַנטן".

איך מיין, אַז צווישן אונדזערע געלערנטע וועט זיך ניט געפינען אַזאַ מענטש, וואָס זאָל פאַרקויפן די וויסנשאַפט ניט נאָר פאַר 10 טויזנט ליר, נאָר אַפילע פאַר די אַלע זילבערשטיק, וואָס דער וואַטיקאַן פאַרמאָגט (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן).

זאָל זיך דער וואַטיקאַן זוכן צווישן די פאַרקויפטע נעשאָמעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אַזעלכע מענטשן, וואָס וועלן גלויבן די געטלעכע אָפּשטאַמונג פון קוואַנטן. מיר האָפן, אַז אַף ווייטער וועלן מיר בויען אונדזער אַרבעט ניט נאָר מיט די ברייטע מאַסן אַרבעטער און פויערים, וועלכע מיר פירן אין שטורם קעגן אַלע פעסטונגען פונעם קאַפּיטאַליזם, דערין אויך קעגן דער פעסטונג פון רעליגיע, נאָר מיר וועלן אויך האָבן אַסאַך אַ ברייטערע און גרעסערע הילף מיצאַד דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכקייט.

איך רוף די כאַווײרים דערצו, אַז די רעזאָליוציעס, וואָס וועלן אָנגענומען ווערן אַף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר זאָלן ניט זיין קיין רעזאָליוציעס, וועלכע מע נעמט אָן צו „קענטעניש", נאָר זיי זאָלן בעעמעס ווערן קאַמף־לאָזונגען פון דער מאַסן־טעטיקייט, זיי זאָלן העלפן אריינציען די גאַנצע מאַסע אַרבעטער, פויערים און רויט־אַרמייער אין אונדזער אַרבעט, זיי זאָלן דורכדרינגען דעם באַוווסטזיין און ווילן מיט דער מאַרקסיסטיש־לעניניש ער לערע, וועלכע איז פעיִק ניט נאָר צו איבערבויען די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן אין אונדזער לאַנד, נאָר אויך איבערצוקערן די גאַנצע וועלט.

# אינהאלט

זייט


וואָס מיר זײַנען שוואך . . . . . 5
גאַניזאַציאָנעלע פראַגן . . . . . 8
אומשטענדן פון דער אַרבעט . . . . . 10
אַזוי דער סוינע אַרבעט . . . . . 15
קאַמף פאַרן נײַעם לעבנשטייגער . . . . . 23
ן די פאָרמען פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע . . . . . 25
ט, פרוי און רעליגיע . . . . . 26
זערע דערגרייכונגען . . . . . 33
זאָווע אַפּיקאָרסים-באַוועגונג . . . . . 36
ן דער קינדער-שול . . . . . 39
פּראָפּאַרייַען און די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע . . . . . 44
ן די קירכן-גלעקער, יאָנטויוים און קאַלענדאַרן . . . . . 51
יקע סאַכאַקלען . . . . . 54
יײַס-פראַגן . . . . . 60


שלוס-וואָרט


ן קריטיק און זעלבסטקריטיק . . . . . 71
אינהאַלט פון דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע . . . . . 75
אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן פרויען . . . . . 78
ן אַדמיניסטראַטיווע מיטלען . . . . . 83
און אײַנהייטלעכער ליניע . . . . . 88